767

שמואל ראָזשאַנסקי

# אײגענע פּרעמדע

נאָװעלן און סקיצן

פון ציקל: „בײ שװעלן״

גענאַמלטע שריפטן פערטער באַנד

בוענאָס־אײרעס

1941

# אינהאלט

## צווי וואָס זיינען נישט געוואָרן איינס

### דער שאָטן

דער צלם אויף דער לאַנגער קייט ביי דער שוויגער אויפן האַלדז האָט זיך געבאָמבלט ווי אַן אייגעפּאַלענער גוידער ביי אַ זקנה. זי האָט געטראָגן, די שוויגער, דעם אימפּעט פון אַ מאַשין. די זייטן האָבן אויף איר זיך געטענטלט, ווי זי וואָלט אויף זיך געשלעפּט צוויי שווערע פּעק. זי איז געגאַנגען פון צימער אין צימער און געכאַפּט אַן אויג אויף דער באַלעבאַטישקייט. אַ פּיר־געטאָן מיטן פינגער אויפן קרעדענץ און, דערזעענדיק אָפּגעזעצט אַ הייטל שטויב, אויסגערופן:

— טשאָלאַ, אַהער קום!

סולעמאַ האָט פאַרדראָסיק אוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט אַ קלאַפּ־געטאָן מיט דער פּוס אין דער פּאָדלאָגע, און איז האַסטיק אַרויס. אַריין אין שלאָפצימער און גיך זיך גענומען איבערטאָן. רעכט נישט אַריינגעקוקט אין שפּיגל. געוואָלט וואָס־גיכער פאַרטיק ווערן, וואָס־גיכער אוועקגיין. פאַרשפּיליענדיק בראַשקעס, זיך אַ שטאָך־געגעבן, אויפגעשפּרונגען, אָפּגעטרייסלט עטלעכע מאָל דעם פינגער, אויף אָפּצוקילן דאָס בלוט, און פאַרביסן אַ ליפּ. זי האָט געהערט, ווי די שוויגער וואַרפט פאַר דער דינסט, הלמאַי זי האַלט נישט די שטוב אין אָרדענונג. די דינסט האָט זיך פאַרענטפערט. אָבער די שוויגער האָט געהאַט נאָך אַנדערע פראַגן און נאָך אַנדערע טענות.

נאָכדעם, אַריינגייענדיק אין שלאָפצימער, האָט די שוויגער זיך פאַרוואונדערט:

— גייסט, קינד מיינס, אין גאַס?

סולעמאַ האָט געענטפערט מיט קאַלטן רעספּעקט:
— יאָ.
— וואוהין, קינד מיינס? מ׳קען אפשר וויסן?
— מעסטן ס׳קלייד.
די אַלטע האָט זיך ארומגעקוקט אומצופרידן און גענומען זוכן דעם אַרויסגאַנג, בורטשענדיק:
— געוואָלט אַ ביסל פאַרברענגען... גייסטו אַלעמאָל אוועק... מ׳קען קיינמאָל מיט דיר קיין וואָרט נישט אויסריידן...
סולעמאַ האָט געשוויגן.
ווען זי האָט שוין געהאַט אויף זיך די הוט, האָט די אַלטע זיך אריינגעשאַרט מיט אַ ביכל אין האַנט:
— דאָס לייענסטו, קינד מיינס?
סולעמאַ האָט געענטפערט מיט קאַלטן רעספּעקט:
— יאָ, מאַמאַ.
— פע! שמוציקע זאַכן ווערן דאָ דערציילט.
— פון וואַנען ווייסט איר, מאַמאַ?
— פון וואַנען? — די אַלטע האָט פאַרקרימט מיט דער נאָז — אַ שלעכטן ריח דערשפירט מען פון ווייטן.
סולעמאַ, אַנשטאָט ענטפערן, איז צוגעגאַנגען צו דער אַלטער און האָט איר אַ קוש־געטאָן אין שטערן:
— אויף ווידערזען, מאַמאַ! אין צוויי שעה ארום וועל איך דאָ זיין צוריק. אַנטשולדיקט, מאַמאַ, וואָס איך מוז אוועקגיין!
— טשולדיקט, טשולדיקט... — האָט די אַלטע שטיל איבערגעקרימט — קיינמאָל אין שטוב נישטאָ... כאָרבע אַרבעט אַ גאַנצן טאָג, אַז דיר זאָל גאָרנישט פעלן, און דו ביסט קיינמאָל אין שטוב נישטאָ. מעגסט זיך שעמען, קינד מיינס!
סולעמאַ האָט געזוכט ניט צו פאַרלירן דעם קאַלטן רעספּעקט און אָן רוגז געענטפערט:
— יעדער מענטש האָט זיינע באַשעפטיקונגען, מאַמאַ. איך האָב נישט חתונה־געהאַט אויף אָפּצוליגן גאַנצענע טעג אין שטוב. איך בין אויך אַ מענטש און האָב מיר מיינע באַדערפענישן.
זי האָט נאָכאַמאָל געגעבן דער שוויגער אַ קוש אין שטערן און אוועק מיט שטילע טריט, פאַרמאַכנדיק מיט דער זעלביקער שטילקייט הינטער זיך די טיר.

סולעמאַ האָט אָפּגעשטעלט דעם ערשטן טראַמוואַי, וואָס איז איר געקומען אַנטקעגן. זיך אַריינגעזעצט און גע־פאָרן. לאַנג, אָן אַ חשבון. ביז דער קאָנדוקטאָר האָט איר געמאָלדן, אַז מ׳פאָרט צוריק און מ׳דאַרף דעם בילעט באַ־נייען. האָט זי באַצאָלט און ווייטער געפאָרן. קוואַדרעס זיי־נען פאַר אירע אויגן פאַרביי־געגאַנגען און אַנטקעגנגעקומען און אַלע האָבן זיי אין אירע אויגן אויסגעזען ווי איינע און די זעלביקע. אויך אַלע מענטשן האָבן אין אירע אויגן אויס־געזען ווי איינע און די זעלביקע. אַלץ געווען פאַרנעפּלט, פאַרוואָלקנט. די שטימען אַרום איר האָבן זיך געמישט אין געווירבלט, ווי אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען. אַלץ געווען באַ־קאַנט און אַלץ געווען פרעמד. ביז זי האָט דערפילט, אַז דער שלאָף גיסט זיך אין איר אַריין. האָט זי באַהערשט די שלעפעריקייט און געזוכט צוריקצוקומען, פון וואַנען זי איז אַרויסגעפאָרן.

ביי דער טיר פונם הויז האָט זי געטראָפן אַ שכנטע פאַר־נומען אין שפּיל מיט אַ קליינעם קינד. דאָס קינד האָט איר אויפגעהייטערט. זי האָט עס פאַרטשעפּעט און דאָס קינד האָט איר אָפּגעענטפערט מיט דאַנקבאַרקייט און שמייכל.

די שכנטע, אַנכאַפּנדיק דאָס קינד, עס זאָל נישט אומ־פאַלן, האָט נייגעריק אָנגעקוקט דאָס יונגע ווייבעלע. פּנימער האָבן זיך צונויפגעטראָפן און אויגן זיך איבערגעקוקט. דער שכנטעס ליפּן האָבן זיך פאַרפלאָנטערט:

— אמת? מען האָט מיר געזאָגט... זיינט איר טאַקע אַ יידישע?

די אויגן פון דער יונגער בלאָנדער פרוי זיינען ברייט און גרויס צעעפנט געוואָרן:

— פון וואַנען ווייסט איר?

— איך האָב נישט געוואָלט גלייבן — האָט די שכנטע געזאָגט דרייסטער — נאָר מ׳האָט מיר פאַרזיכערט...

סולעמאַ האָט שמעוודיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אַ פאַרלוירענע. נאָר באַלד, ווי עמיץ וואָלט איר פלוצלינג אַ רוף־געטאָן, זיך געגעבן אַ ריס פונם אָרט און אייליק אַוועק אין דער טיפעניש פון קאָרי־דאָר צו דער טיר פון איר פאַרטונקלטער וואוינונג.

## פאַרלוירנקייט

זינט סולעמאַ האָט זיך באַקענט מיט דער שכנטע און איר קינד, האָט דער טויער זי גערופן און געצויגן. דער שוויגער האָט דאָס פאַרדראָסן.

— טאָכטער מיינע, — האָט זי געזאָגט מיט פאַראיבל —, דו האָסט קיין שטוב נישט, וואָס דו האָסט אָנגעהויבן שטיין גאַנצענע טעג פאַרן טויער?

סולעמאַ האָט גלייכגילטיק אויסגעהערט די רייד, באַגלייט די שוויגער אין שטוב אריין, געהערט דאָס פארמאַטערטע ריידן און בלויז פון דרך־ארץ וועגן אַ זאָג־געטאָן:

— אומעטיק אין שטוב. אַ קעלט.

די אַלטע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ באַדויערנדיק:

— טאַקע. אַ שלעכטע דירה. אַ קאַלטע דירה. נישטאָ קיין זון. אָבער, פאַרוואָס האָסט עס פריער נישט געזען?

— פריער? פ ר י ע ר ?

— אוודאי דאַרף מען פריער זען, וואָס מ'נעמט!

— מ'נעמט... זען... פריער זעען אויס אַ סך זאַכן גאַנץ אַנדערש ווי זיי זיינען שפּעטער...

די אַלטע איז נישט געווען איינשטימיק און געזאָגט:

— נאַרישע קינדער, וואָס איר זיינט! אַז מ'האָט אויגן אין קאָפּ, נאַרט מען זיך אַזוי לייכט נישט אָפּ.

סולעמאַ האָט אַ הייב־געטאָן מיט די אַקסלען. פאַרוואונדערט. נישט פאַרשטאַנען. די שוויגער האָט אויסגעטאָן דאָס מאַנטל און די הוט און, זעענדיק סולעמאַן נאָך אַלץ אַ פאַרוואונדערטע און פאַרטראַכטע, געפרעגט:

— וואָס שטייסטו אַזוי, קינד מיינס? וואָס האָב איך דען געזאָגט?

סולעמאַ האָט זיך אָפּגעטרייסלט ווי פון אַ שווערן חלום:

— אָ! גאָרנישט... ניין...

גייענדיק איבער די צימערן, האָט די שוויגער געזען דאָס הייליקע בילד שטיין אין אַ ווינקל. דאָס האָט איר פאַרדראָסן און זי האָט עס געלאָזט וויסן איר, סולעמאַן, אין צווייטן צימער:

— איי, טעכטערל מיינס, ביסט אַ ביסל, ווי זאָל איך עס דיר זאָגן... דאָס הייליקע בילד שטייט שוין אַזוי אַ וואָך

צייט און דו נעמסט זיך נישט קיין צייט אויפצוהענגען. אַן עבירה, אַן עבירה! כּאָרכע איז געוואוינט, אַז דאָס בילד זאָל הענגען איבערן בעט...

סולעמאַ האָט געשוויגן. דאָס איז געווען איר ענטפער. נאָה די שוויגער האָט נישט נאָכגעגעבן און ווייטער גערעדט. גע־וואַרט אויף אַן ענטפער. געזוכט. האָט סולעמאַ געזאָגט איינ־געהאַלטן:

— דאָס איז זיין אַרבעט. איך שטער אים נישט. כּאָרכען, ער זאָל אויפהענגען דאָס הייליקע בילד איבערן בעט. דאָס איז נישט מיין אַרבעט, נאָר זיינע...

די דינסט איז אַריינגעקומען און, ווי מיטפילנדיק אַ קראַנ־קן, געפרעגט וועגן עטלעכע זאַכן פון דער באַלעבאַטישקייט. סולעמאַ האָט איר געזאָגט:

— טשאַליטאַ, טוט ווי איר פאַרשטייט. איר ווייסט, פּונקט אַזוי ווי איך.

געזאָגט שטיל. אומעטיק. אַ געבייזער און אַן באַפעלעריש־קייט. נאָכדעם אַרויסגענומען די געשטריקטע טוך און לאַנג־זאַם גענומען זי פאַרוואַרפן אויף די אַקסלען. אַריינקוקנדיק אין שפּיגל, האָט זי עטלעכע מאָל זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל זי אַריינגיין אָדער נישט. זי איז יאָ אַריין אין שלאָפצימער און געזאָגט:

— מאַמאַ, איך וועל אַ ביסל אַרויסגיין פאַר דער טיר.

— וואָס עפּעס? — דער שוויגער האָט עס אויסגעזען אומפאַרשטענדלעך — און איך זאָל אַליין דאָ בלייבן?

סולעמאַ האָט געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, מאַמאַ. דאָ איז אַזאַ קעלט... דאָ איז קיין איין זונענשטראַל נישטאָ... און אין דרויסן איז אַזוי ליכטיק...

און, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, אַרויס.

פאַרן טויער האָט זי געטראָפן די יידישע שכנטע. זי איז נאָכגעגאַנגען די טריט פון פּיצעלע קינד. נאָכגעגאַנגען, איינ־געבויגן, און שמייכלען האָבן ביי איר אַרויסגעשלאָגן אויפן פּנים. סולעמאַ האָט אָנגעקוקט די שכנטע מיט שטילער קנאה, געוואָלט עפּעס זאָגן דעם קינד, נאָר זיך געוואָנדן צו דער מוטער:

— גוט צו האָבן אַ קינד, האַ?

— פאַרוואָס פרעגט איר? — האָט די שכנטע געשמייכלט.

סולעמאַ האָט געשוויגן. זיך צוגעקוקט, ווי די מאַמע איז נאָכגעלאָפן דעם צעשפּילטן קינד, נאָכגעשריען, גערופן צו זיך. נאָכדעם, אַז די שכנטע איז צוגעקומען, פאַרוואָרפן אַ וואָרט:

— ווי מיינט איר, סעניאָראַ, איך וואָלט באַדאַרפט האָבן אַ קינד?

— כ'פאַרשטיי נישט. — האָט די פרוי געזאָגט אַ גע־פּלעפטע — כ'פאַרשטיי נישט אייער פראַגע.

— איר פאַרשטייט נישט? — האָט סולעמאַ איבערגע־פרעגט, ווי זי וואָלט נישט געגלייבט, אַז די שכנטע פאַר־שטייט נישט — וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין? ער... יאָ... ער חלשט נאָך אַ קינד... נאָר איך... וויל נישט... ווייניק, אַז מיר איז שלעכט, דאַרף איך נאָך אַ קינד מאַכן אומגליקלעך? עס זאָל אויסוואַקסן און וויסן, אַז מיין פאַמיליע וויל פון מיר נישט וויסן? האָבן אַ זיידע און אַ באָבע אין שטאָט און זיי נישט קענען אָנקוקן? איז דאָס אַ פּלאַן?

די שכנטע האָט איר געטרייסט:

— ניין... אָבער... יאָ... אייך, נישט... נאָר ס'קינד וועלן זיי וועלן זען...

— ניין, ניין! — סולעמאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, אומגלייביק — זיי האָבן מיר געזאָגט: „אַ שייגעצל? נישט דערלעבן זאָלן מיר בעסער!"...

— אָבער... איר האָט דאָך געוואוסט! נישט אַזוי?

— געוואוסט... געוואוסט? וואָס האָב איך געוואוסט? גע־מיינט, אַ קליינינקייט... געמיינט, אַ נאַרישקייט... קיין פרומע יידישע טאָכטער בין איך קיינמאָל נישט געווען... אָבער כ'קען אויך קיין גויאישע שטיק נישט פאַרטראָגן... איצטער זע איך... עס בענקט זיך נאָך אייגענע... אָבער אייגענע ווילן מיך נישט קענען... איז, וואָס טוט מען?

איר פראַגע האָט אַ וויי־געטאָן מיט שטילן הייסן צער.

## אויף זיבן ימען

סולעמאַ האָט וועגן דעם אַ סך מאָל געטראַכט איבערצו־ריידן מיט כאַרכען. זי האָט געפילט, אַז דער געדאַנק איז

אין איר געוואַקסן, ווי זי וואָלט אויסגעטראָגן אַ קינד. אין די עטלעכע טעג, זינט זי האָט באַקומען דעם בריוו פון רום־לאַנד, זיינען איר די ווערטער נישט אַרויס פון קאָפּ. דאָס איז געווען איר ערשטע טרייסט אין די צוויי יאָר נאָך דער חתונה. די ווערטער זיינען איר נאָכגעגאַנגען און גערעדט אין אויער אַריין גאַנצענע טעג און אין די נעכט נישט גע־לאָזט שלאָפן:

— „דער טאַטע דיינער — האָט דער פעטער צו איר גע־שריבן אין בריוו — איז אַ ייד פון דער אַלטער וועלט. אַזעל־כע יידן, ווי ער, גייען ביי אונדז אַרום ווי געשטאָרבענע און האָבן מורא די נאָז אַריינצושטעקן. ביי אונדז איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן ייד און קריסט, אַלע זיינען מענ־טשן אָדער אַלע זיינען זיי אוממענטשן"...

פון די ווערטער, אַז אַזעלכע יידן ווי איר טאַטע „גייען אַרום ווי געשטאָרבענע", איז סולעמאַן אַדורך אַ קעלט. דאָס וואָרט „געשטאָרבענע" האָט איר אויפגעשוידערט. זי האָט זיך געוואונדערט, ווי קען זיך עס אַ ברודער דערלויבן צו פאַרגלייכן זיין ברודער מיט „געשטאָרבענע". ס'איז דאָך פאָרט זיין ברודער און איר פאָטער! אמת, דער פאָטער וויל זי נישט קענען, זינט זי האָט חתונה־געהאַט מיט דעם קריסט־לעכן באַנק־אָנגעשטעלטן. וויל פון איר נישט הערן און גע־דענקען. זיך אויסגעווייינט און אַרויסגעריסן פונם האַרצן, ווי ער האָט עס געזאָגט. זי, סולעמאַ, קען אים אָבער נישט פאַר־געסן. פּונקט ווי זי איז אַוועק מיט אַ גרינגן געמיט צו כאָר־כען און זיך געלאָזט האַלדזן פון דער גראָבער שוויגער מיטן צלם, וואָס אויף דער לאַנגער קייט, אַזוי שווער איז איר איצטער געוואָרן דאָס געמיט. דער פעטער איז געווען דער ערשטער אין דער פאַמיליע, וועלכער האָט איר גרינגער גע־מאַכט. זי האָט צו אים געשריבן, אַלץ אויסגעשריבן, און ער האָט איר פאָטערלעך געענטפערט.

— „כ'פאַרשטיי, — האָט ער איר געשריבן — ווי שווער עס איז דיר צו לעבן, זייענדיק אַרומגערינגלט פון פינצטערן שאָוויניזם, וואו עס איז הויך אויפגעשטעלט די כינעזישע וואַנט צווישן ייד און גוי. איך פיל מיט דיין ביטערן מזל, ווייל דו האָסט זיך דערשפּירט אַ פאַרלוירענע, ווען דו האָסט זיך אַרומגעזען, אַז פון איין זייט זיינען פאַר דיר געשטאַנען

יידישע זאַבאַבאָנעס פון מיין קרעמערישן ברודער, דיין טאַטן, וועלכער האַנדלט מיט אַלץ אין דער וועלט, אַפילו מיט גאָט און עולם־הבא, און פון דער צווייטער זייט האָסטו דערזען אַ שווינגער מיט אַ גרויסן צלם און גראָבע נעגל, וואָס קריכן אין דער נשמה אַריין. איך פיל מיט דיין ביטערן מזל און וואָלט גרייט געווען דיר צו העלפן, ווען דו זאָלסט קומען צו אונדז און זיך באַזעצן צווישן אונדז. וואו יעדער מענטש איז אַ גלייכער, צי ער איז אַ ייד אָדער אַ גוי, ווייל ביי אונדז איז נישטאָ מער קיין אונטערשייד צווישן ייד און קריסט"...

סולעמאַ האָט אָן אַ שיער מאָל איבערגעלייענט די אַלע אַלע ווערטער. וויפל מאָל זי האָט איבערגעקלערט וועגן זיי, זיינען זיי פאַר איר נאָך אַלץ געווען ניי. זי האָט מיט זיי זיך געפרייט און געשראָקן. און געטראַכט איבערצוריידן מיט כאַרכען:

— וואָס וועט ער, כאַרכע, צו דעם זאָגן? און אפשר?

זי האָט געוואָלט אַ סך מאָל אים בעטן, כאַרכען, זיי זאָלן זיך אַרויסציען אין אַן אַנדערער, אין אַ ווייטער געגנט. ווייניקסטנס זאָל זי זיך ניט באַגעגענען מיטן הויזגעזינט. יעדעס מאָל, וואָס זי האָט זיי געזען, ווי זיי האָבן פון איר אָפּגעדרייט דעם קאָפּ, איז דאָס בלוט אין איר פאַרקילט געוואָרן. נאָר זי האָט זיך געשעמט מיט כאַרכען וועגן דעם צו ריידן. ווען זיי וואָלטן זיך אַרויסגעצויגן ווייט, וואָלט ער, כאַרכע, יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט זיך דערמאָנט, וואָס עס איז פאַרגעקומען און וואָס עס קומט פאַר ביי איר אין קאָפּ און אין הארצן. דאָס האָט זי נישט געוואָלט. האָט זי פאַר אים אויסבאַהאַלטן. צו וואָס? איז ער, כאַרכע, דען שולדיק?

דעם פעטערס ווערטער האָט זי אָבער נישט געקענט פאַרהוילן. און אויפן פערטן אָוונט, זיצנדיק ביי טיש, זאַלבעצווייט, שטיל אַ זאָג־געטאָן, זופנדיק לאַנגזאַם די קאַווע און קוקנדיק אויפמערקזאַם אויף זיין פנים:

— ווי מיינסטו, כאַרכיטאַ, ווען מיר זאָלן אַזוי זיך מאַכן אַ רייזע קיין רוסלאַנד? הע?

כאַרכע האָט געשמייכלט:

— אַזאַ איינפאַל נאַר?! וואָס עפּעס רוסלאַנד?

— ווייל... אַט... דו ווייסט... דער פעטער... אין דעם בריוו... נו, יאָ... איך האָב דיר געזאָגט...

— וואָס? ער האָט געשיקט שיפסקאַרטן, דער פעטער דיי־נער?

— שיפסקאַרטן? פאַר אַזאַ גביר האַלטסטו אים? אין רוס־לאַנד קען קיינער איצט ניט שיקן קיין שיפסקאַרטן. ער איז אַן אָנגעשטעלטער. וואָס קען אַן אָנגעשטעלטער פאַרדינען? אויף לעבן! און וואָס דאַרף מען מער, ווי לעבן!

— הע־הע... — כאַרכע האָט זיך געוואונדערט אויף סור־לעמאַס באַגייסטערונג — איך האָב דיך קיינמאָל ניט גע־הערט ריידן ווען די קאָמוניסטן מיט באַגייסטערונג. פון ווען אָן ביסטו דאָס געוואָרן אַ קאָמוניסטקע? דאָס האָב איך גאָרנישט געוואוסט...

סולעמאַ האָט זיך פאַרטיידיקט:

— ניין, נישט דאָס! ווי קומט צו מיר קאָמוניזם? נאָר... אין דעם בריוו שרייבט דער פעטער... ער וויל... מיר זאָלן קומען צו פאָרן... ער וויל שטאַרק... ער האָט מיך זייער־ליב... דאָרטן איז גוט... בעסער ווי אומעטום...

כאַרכע האָט זיך געוואונדערט:

— דאָס הער איך איצטער! דו האָסט מיר געוויזן דעם בריוו, אָבער אַז דער פעטער לאַדט אונדז איין צו קומען אין רוסלאַנד, פון דעם האָסטו מיר נישט געזאָגט קיין איין וואָרט. און איך, לייענען דיין שפּראַך, ווייסטו דאָך, אַז איך קען נישט. דו קענסט מיר אָנדערציילן, וואָס דו ווילסט...

— ניין... נישט דאָס... — האָט סולעמאַ געשטאַמלט — נישט געזאָגט... ווייל... נו, געלאַכט... נאַרישקייטן... ס'איז שיין צו פאָרן... זייער־שיין... נאָר איך פאַרשטיי... יאָ... ווי קענסטו איבערלאָזן די באַנק?

— דאָס אַליין? — האָט כאַרכע צוגעגעבן — און, אַז איך וואָלט שוין יאָ געקאָנט פאָרן, טאָ פאַרוואָס עפּעס דווקא קיין רוסלאַנד? וואָס האָב איך דאָרט צו טאָן, אין ראַטנפאַר־באַנד? אַט, למשל, שפּאַניע, פאַרשטיי איך! מיין שפּראַך... ס'לאַנד פון מיינע עלטערן... אָבער רוסלאַנד? גיין אפשר זיך לערנען אויף דער עלטער אַ נייעם לשון? העט?

ער האָט אָנגעקוקט די פרוי מיט אומצוטרוי, פּונקט ווי

ער וואָלט פאַרגעפּילט, אַז זי באַהאַלט פון אים אויס זייער א וויכטיקע נייס.

## געפּלאַצט די געדולד

סולעמאַ האָט מער נישט געקענט שווייגן. די שוויגער מיטן צלם, וואָס אויף דער לאַנגער האַלדז־קייט, איז איר אַריין אין די ביינער, ווי איינגעגעסענע טוכלע פייכטקייט. עס האָט איר געשטיקט. די רייד האָבן איר געגומען שטעכן, ווי שפּילקעס. ביז זי האָט אַ שמיץ־געטאָן דעם קאַלטן רעס־פּעקט דער אַלטער אין פּנים אַריין און אויסגעשריען:

— הערט מיר אויף צו האַקן אין קאָפּ אַריין! וואָס ווילט איר פון מיר?

ס'איז געווען אין אַ פאַרנאַכט. זי האָט זיך אוועקגע־זעצט ביים שרייבטיש, ענטפערן אַ בריוו דעם פעטער אין רוסלאַנד. זי האָט איינגעטונקען די פעדער און געהאַלטן אויפן פּאַפּיר. שוין געהאַט דאָס ערשטע וואָרט אויף אָנצו־הייבן דעם בריוו. דאָס וואָרט איז איר אָבער ניט געפעלן געוואָרן. זי האָט זיך געקווענקלט. און אַלץ נישט אָנגעשרי־בן אַפילו דעם ערשטן אות. דער אָנהייב איז געווען אומבאַ־שרייבלעך־שווער. זי האָט וועגן דעם גאַנצן ענטפער־בריוו, וואָס זי האָט געוואָלט שרייבן, אַזוי פיל נישט איבערגע־טראַכט, ווי וועגן דעם אָנהייב און איבערהויפּט וועגן ערשטן וואָרט.

די אַלטע שוויגער האָט עטלעכע מאָל זיך אַריינגעשאַרט און אַרויסגעשאַרט פון צימער. עפּעס אונטערגעבורטשעט. אונטערגעקרעכצט. די זייטן געטענטלט, ווי צוויי שווערע פּעק. און דער צלם אויף דער לאַנגער האַלדז־קייט האָט זיך נאָכגעבאָמבלט, פונקט ווי איר וואָרטשען. זי האָט גערעדט, די אַלטע, ווי צו זיך אַליין, נאָר גערעדט אַזוי, אַז סולעמאַ זאָל דערהערן:

— אַ חרפּה... עטלעכע וואָכן... שטייט עס... אַך, שיין דערלעבט! דאָס הייליקע בילד שטייט אויף דר'ערד... ביי מיין זון...

זי האָט די ווערטער עטלעכע מאָל געלאָזט פאַלן אויפן וועג פון שלאָפצימער אין שרייבצימער און צוגעגעבן:

— א גרויסע זאַך אויפצוהענגען?

סולעמאַ האָט געקריצט מיט די ציין. די רייד האָבן אין איר צעטריבן די צונויפגעלאָפענע געדאַנקען. זי האָט גע־פילט, ווי די שוויגער וואָלט אויסגעפּאַטשט אירע געדאַנ־קען און זיי אַרויסגעוואָרפן. האָט זי אָנגעהויבן, סולעמאַ, קלאַפּן ציטערדיק מיטן בלייפעדער אויפן טיש, פון אָנהייב שטיל, נאָכדעם שטאַרקער, מער־ציטערדיק און גיכער.

די שוויגער, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען, איז אָבער ווייטער געקראָכן הין און צוריק, געבורטשעט און לסוף אויסגערופן:

— טשאַלאַ, ברענג אַ האַמער מיט אַ טשוואָק, וועל איך אויפהענגען דאָס הייליקע בילד איבערן בעט! אַ חרפּה... אַזוי לאַנג און קיינער נעמט זיך נישט די מי...

און, זעענדיק אַז סולעמאַ הייבט זיך נאָך אַלץ נישט אויף, האָט די אַלטע אויך צו איר זיך אָפּגערופן:

— אויך דו, טאָכטער מיינע, ס'מאַכט נישט אויס, וואָלסט זיך געמעגט אויפהייבן און מיר העלפן אויפהענגען דאָס בילד! וועסט נישט פאַרשפּעטיקן מיט די בריוועלעך דיינע...

די לעצטע ווערטער האָבן אין סולעמאַן אויפגעפּיקט די געדולד.

— הערט מיר אויף צו האַקן אין קאָפּ אַריין! — האָט סולעמאַ אויסגערופן — וואָס ווילט איר פון מיר?

און צו דער דינסט, וועלכע איז אַריינגעקומען, געזאָגט באַפעלעריש:

— טשאַלאַ! טראָגט צוריק דעם האַמער אין קיך אַריין! דערווייל בין איך די באַלעבאָסטע אין שטוב!

— און איך? — האָט די שוויגער געשטוינט — איך בין שוין גאָרנישט?

— איר? — סולעמאַ האָט זי אָנגעקוקט מיט גיפטיקע, צעצונדענע אויגן — וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר, ווי אַ פלעדערמויז, און דערגייט מיר די יאָרן מיט אייערע הייליקע בילדער?

די שוויגער, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען, האָט גע־פרעגט:

— אָנגעזעצט? איך אַ פלעדערמויז? אַזוי געפעלן דיר

נישט אונדזערע הייליקע בילדער? דאָס רעדט שוין פון דיר ארויס דאָס יידישע בלוט, דו, אומפאַרשעמט...

סולעמאן האָבן די ווערטער זיך ארייננעשניטן ווי א מע־סער אין הארצן און זי האָט זיך צוזאַמענגענומען און מיט אַלע כוחות א געשריי־געטאָן:

— גייט אייך פון דאַנען! די מינוט!! מ כ ש פ ה ! ! ! !

און ארייננעלאָפן אין שלאָפצימער. ארייננעלאָפן און מיט א טראַסק פאַרהאַקט די טירן. די ווענט האָבן אַזש אויפ־געציטערט.

סולעמא האָט געכליפּעט. נישט געטראַכט, נאָר געכליפּעט. און אַזוי, לאַנג כליפּענדיק און וויינענדיק, אויסנעצנדיק דאָס קישן מיט טרערן, איינגעשלאָפן.

אויפכאַפּנדיק זיך, האָט זי געהערט קולות.

— מיין מ א מ ע — האָט כאַרכע געשריען — וועסטו ט ר י י ב ן ? פון מ י י ן שטוב?

סולעמא האָט נישט געענטפערט און זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

איז דאָס אויסדרייען זיך צו דער וואַנט, אָנשטאָט ענט־פערן, כאַרכען נישט געפעלן געוואָרן, און ער האָט זי א רים־געטאָן פאַרן אַקסל:

— וואָס זיינען דאָס פאַר א י י ד י ש ע ש ט י ק ? רייד! וואָס מיינסטו זיך, איך בין דיר דיין יידישער טאַטע? מיין מאַמע וועסטו ארויסטרייבן פון מיין שטוב? מיין היי־ליק בילד אראָפּנעמען פון מיין וואַנט, פון איבער מיין בעט? ווער ביסטו דאָס, ש ו ל מ י ת מיינע?

צוערשט האָט סולעמא אויסגעהערט, איינגענורעט אין קישן. נאָר פלוצים האָט זי זיך געגעבן א הייב, איז ווי א געשלאָגענע קאַץ ארויסגעשפּרונגען פון בעט, גיך אריינגע־לאָפן אין צווייטן צימער און, פאַרהאַקנדיק הינטער זיך די טיר, זי פאַרשלאָסן אויפן שלאָס. כאַרכע איז איר נאָכגע־לאָפן און געוואָלט עפענען. ער האָט גערופן. געפאָדערט. גע־שריען. געדראָט. נאָכדעם אריבער אין געבעט. אָבער סולע־מא האָט נישט געענטפערט. געשוויגן. געווען פאַרזונקען אין דער פינצטערניש. אַן א שאַרך. ווי אין א קבר.

## גלייך אויף גלייך

די שטילקייט האָט כּאַרכען געררווישט אין די אויערן. שוין עטלעכע טעג, אַז ער האָט געפעלט ביי דער אַרבעט. נישט געהאַט קיין מוט אַרויסצוגיין פון שטוב. געמיינט, אַז די גאַנ־צע וועלט ווייסט, וואָס ביי אים איז פאָרגעקומען. אַז אַלע טייטלען אויף אים מיט די פינגער:

— אוועק... העי? ס'ווייב איז פון אים אוועק...

כּאַרכע האָט אָנגעזאָגט אין באַנק, אַז ער איז קראַנק. מען האָט אים אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן, אַז מ'וועט אים מבקר־חולה־זיין. האָט ער זיך איינגעבעטן:

— צו וואָס? נישט נייטיק. כ'וועל זיך נאָר א קליין ביסל אויסרוען... אַ קלייניקייט... אַ גאָרנישט...

אַצינד איז די מאַמע איבער אים געשטאַנען מיט רחמנות און געטרייסט:

— נישט כּדאַי... צו וואָס אַזוי זיך אָפּעסן דאָס האַרץ? בעסער פריער, איידער שפּעטער...

כּאַרכע איז געלעגן אויפן בעט, אין די קליידער, מיט פאַר־מאַכטע אויגן, געהערט און געשוויגן. די ווערטער זיינען אויף אים געפאַלן ווי טראָפּנס וואַסער אויף אייזן. געפאַלן און צעשפריצט געוואָרן. געפאַלן אָן אָפּקלאַנג. כּאַרכע האָט זיי נישט איינגעזאַפּט. געהערט גלייכגילטיק.

די אַלטע האָט פרום פאַרהויבן די אויגן צום הימל, גלייך זי וואָלט פון דאָרטן דערוואַרט אַן ענטפער, ווי לאַנג דער זון איר ער וועט עס שווייגן. נאָר זעענדיק, אַז ער שווייגט נאָך אַלץ, האָט זי באַנייט דאָס ריידן:

— כּאַרכיטאָ! לוינט דען אַזוי זיך צו נעמען צום האַרצן? אַז איך האָב דיר געזאָגט, האָסטו מיר נישט געוואָלט פאָל־גן... כ'האָב דיר געזאָגט: ווי קומט צו דיר אַ יידישקע? ס'איז נישט דיין גלייכנס... האָסטו מיר נישט געוואָלט פאָל־גן... אַצינד האָסטו! צו וועמען־זשע האָסטו טענות?

די אַלטע האָט צעבונדן די צונג און גערעדט. געזען, אַז דער זון רופט זיך אַלץ נישט אָפּ, האָט זי גערעדט שטאַר־קערע, העכערע ווערטער. לאַנג. איינעסנדיק זיך. ביז ער האָט דערפילט, כּאַרכע, אַז די ווערטער לייגן זיך אויף אים צו־

שווער, מאַכן ענג, דריקן דעם קאָפּ. האָט ער זיך אַ ריס־געַ־טאָן מיטאַמאָל, ווי אַן אָפּגעבריטער, און אויסגעשריען:

— מאַמאַ! ווּעסט מיר אפשר אויפהערן קריכן אויף די נערוון? וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס? האָסט זיך אויף מיר אָנגעזעצט, ווי אַ בייזע פליג, און ווילסט מיך נישט אָפּלאָזן!

די אַלטע איז געווען דערשטוינט און זיך פאַרקרימט פון איבעראַשונג:

— וואָס בין איך ד י ר ? אַ בייזע פליג? איך קריך דיר אויף די נערוון? א י ך ?

זי האָט זיך צעכליפּעט:

— אָט־אָ־דאָס האָב איך דערלעבט אויף די עלטערע יאָ־רן, צו הערן פון מיין אייגענעם קינד: אַ בייזע פליג...

— יאָ, אַ בייזע פליג! — האָט כאָרכע באַשטעטיקט מיט כעס — און טו מיר עפּעס! האָסט זיך אויף מיר אָנגעזעצט און ווילסט מיר נאָר די יאָרן פאַרפינצטערן! פאַרוואָס, פרעג איך דיר, פאַרוואָס קומט עס מיר? דו האָסט איר די יאָרן פאַרביטערט, סולעמאַן. שטענדיק מיט דיינע ריידעלעך און ווערטעלעך... אַזוי שטילערהייט... זיסע ריידעלעך, כלור־מרשט... וואָס האָסטו געוואָלט פון איר? פאַרוואָס האָסטו מיין לעבן צעשטערט?

די אַלטע האָט אָנגעפּולט דאָס צימער מיט געוויין. גע־קלאָגט, ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם. ווי זי וואָלט מער קיין טרייסט נישט געקענט געפינען. און געהאַלטן אין איין אי־בערחזרן:

— צו וואָס איך האָב דערלעבט! מיין אייגענער זון... באַדאַרפט האָבן אַ יידישקע אין דער משפחה... נאָר דאָס האָט מיר געפעלט... אין מיין שטוב זיך געשעמט מיטן בילד פון דער הייליקער מאַריאַ, עם אַראָפּגענומען און אויף דער ערד עס אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט... דער־לעבט! אויסגעראַמט, וואָס אונדז טייער... אויף דעם האָב איך באַדאַרפט בלייבן אַליין, אַן אַלמנה, נישט ווען חתונה־האָבן, אַליז, אַז מיין זון זאָל קענען חתונה־האָבן מיט אַ יידישקע...

זי האָט די דאָזיקע ווערטער געהאַלטן אין איין איבער־חזרן. ווי זי וואָלט דערמיט אָפּגעשלאָגן און אָפּגעוואַשן אַלע רייד, וואָס דער זון האָט צו איר געשליידערט. נישט מיר

געוואָרן. נישט נמאס־געוואָרן. ווי זי וואָלט פון אַ ביבל אַרויסגעלייענט די ווערטער, פון אַ הייליקן ביכל, און איבער זיי געקלאָגט.

כאַרכע האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די קישנס. אַז די ווערטער זײַנען נישט איינגעשטילט געוואָרן, האָט ער זיך אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע. ער איז אַזוי לאַנג געלעגן. די לופט איז אים געוואָרן צו־געדיכט. האָט ער זיך אָפּגעדעקט. נאָר, אַז ער האָט אויך דאַן געהערט די זעלביקע רייד, דער מאַמעס, איז ביי אים די געדולד געוואָרן אויסגעשעפּט, און ער האָט אויסגעשריען:

— וואָס מיינסטו זיך, מאַמע, אַז דו וועסט פון מיר מאַכן אַ שמאַטע! דו וועסט אויפהערן צו קלאָגן אָדער ניין?

די אַלטע האָט אָפּגעשטעלט אירע פריערדיקע רייד און געפרעגט מיט דער זעלביקער וויינענדיקייט:

— וויינען טאָר איך שוין אויך נישט?

— ניין! — האָט כאַרכע אויסגעשריען, ראַשיק אויפגעשטאַנען פון בעט, זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און ביי אַ טופּע־געטאָן מיט דער פוס אין דער פּאָדלאָגע — ניין, זאָג איך! ווילסט וויינען? איז צו דיר אַהיים! נישט דאָ, זאָג איך דיר!!

—טרייבסט מיך?

— יאָ!

— די יידישקע איז דיר ליבער פון דיין מאַמען?

— יאָ!

— אַך, וואָס מיינע אויערן הערן?

— דאָס, וואָס דו הערסט! און קום נישט אַהער! כ'וועל שיקן דאָס געלט אַהיים. אַהיים, צו דיר אַהיים, און לאָז מיך צורו! און דו קענסט מיך פאַרקלאָגן אויפן טאַטנס קבר, מיטן צלם דיינעם און מיט דעם הייליקן בילד!...

די אַלטע, פאַרווירט פון דעם זונס כעס, האָט מיט די פינגער צוגעקוועטשט די אויערן־דעקלעך, זי זאָל נישט הערן די גאַטלאָזע רייד.

## אַריבער די שוועל

אַז ס'איז אַריבער אַ טאָג און די מאַמע איז נישט געקו־

מען, האָט באָרכע דערפילט, אַז ס'איז אים לייכטער געוואָרן. דאָס שווערע געמיט האָט אָנגעהויבן זיך אויסרויכערן און אין קאָפּ איז געוואָרן לייכטער, ליכטיקער, גלייך ווי די מאַמע וואָלט אים פאַרשטעלט דעם וועג צו סולעמאַן. גלייך ווי מיט דער מאַמעס אַוועקגיין פון שטוב וואָלט געעפנט געוואָרן די טיר. די בייזקייט און דער פאַרדראָס האָט גענומען אויסרינען און אויסטריקענען.

— וואָס האָט זי דאָ אַזוי געזינדיקט, סולעמאַ? — האָט באָרכע געפּרואווט זיך דורכשמועסן מיט זיך אַליין — און וועמען דאַרף זי דאָ געפעלן: דער שוויגער, צי דעם מאַן?

אויפמישנדיק אין זכרון די צייט פון זייער דערנענטערונג, האָט באָרכע, אַצינד, צום ערשטן מאָל זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז פאַר דער חתונה האָבן זיי גאָר קיינמאָל נישט גערעדט צווישן זיך וועגן רעליגיעזע זאַכן. ווען דער טאַטע אירער וואָלט זיך נישט קעגנגעשטעלט, וואָלט ער אפשר אין גאַנצן נישט געקלערט, אַז זי איז אַ יידישע און ער אַ קריסט. סיי ווי איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען אין קלויסטער. אײַ, וואָס ער האָט אין שטוב געהאַט אַ ווינקעלע מיט הייליקע זאַכן, ווי דער קלויסטער הייסט? האָט ער דאָס נישט געמאַכט. דאָס האָט די מאַמע אַריינגעבראַכט. זי פלעגט יעדן טאָג קומען, די מאַמע, אַהיים, צו אים, און אָפּהיטן די הייליקע בילדער און בילדלעך, וועלכע זי האָט געשאַנקען. זי פלעגט אים דערמאָנען אין דעם פאַרשטאָרבענעם טאַטן. איך שטימע פלעגט ביי די ווערטער פייכט־ווערן. און ביי דער טרער פלעגן די געדאַנקען ביי אים זיך אָפּשטעלן. ער האָט אפילו נישט געטראַכט פון קעגנשטעלן זיך. דער אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם טאַטן איז בייגעשטאַנען דער מאַמען און דערפאַר האָט ער אירע טואונגען אין שטוב אויפגענומען פאַר גוט, פאַר אַ געזעץ. פון דעסטוועגן איז גענוג געווען, ער זאָל איין טאָג בלייבן אַליין, אַז די געדאַנקען זאָלן אים אַוועקפירן צוריק צו סולעמאַן. ער האָט געשפּירט אַ ליידיקייט אין שטוב, נאָך איר אַוועקגיין, און געפילט, אַז ער מוז די ליידיקייט צוריק אָנפולן.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך דורכגעטענהט מיט זיך אַליין און אויסגעהערט פראַגן, וואָס זיינען צו אים אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן:

— אזוי איז א פּלאַן? בלייבן אליין? צוליב וואָס? דעו חתונה־געהאַט מיט איר, ווייל די מאַמע האָט געוואָלט? דען חתונה־געהאַט מיט איר צוליב די הייליקע בילדער? וואו איז דער שכל?

ביים איבערלייגן די דאָזיקע געדאַנקען, איין מאָל און נאָכאַמאָל, איז כאַרכע געקומען צום שלוס, אַז ער דאַרף איר גיין איבערבעטן, סולעמאַן. זי דאַרף צוריקקומען. זי וועט אליין נישט קומען. א שטאָלצע איז זי, סולעמאַ. ווי איר טאַטע, אזוי שטאָלץ און פאַרעקשנט. עס האָבן נאָך געקלונגען אין זיינע אויערן אירע ווערטער:

— פון הונגער וועל איך אויסגיין, נאָר צוריק וועל איך נישט קומען!

און, ווען ער האָט זיך אָנגעכאַפּט, פאַר איר אוועקגיין פון שטוב, אין די־אָ ווערטער, האָט זי אַנטוואָפנט זיין מענערי־שע פעסטקייט:

— נעם זיך נישט אזוי איבער, — האָט זי אים געזאָגט —, וואָס דו ביסט א פאַרדינער און איך וועל נישט האָבן וואו א סענט צו פאַרדינען! פאַר א דינסט וועל איך נאָך אַלץ קענען קריגן ערגעץ־וואו א פּאָסטן און פאַרדינען מיין ברויט? נו, וועל איך ווערן א דינסט...

כאַרכע האָט איבערגעחזרט פאַר זיך די דאָזיקע רייד, סו־לעמאַס, און זיך געשפּירט דערנידעריקט:

— זי קען דאָס טאָן! ביי איר איז רעכט, גיין ווערן א דינסט... אפילו היינט!

דאָס האָט אים נאָכמער אונטערגעזאָגט, אַז ער דאַרף איר־גיין איבערבעטן. וואָס וועט פון איר ווערן? און וואָס וועט פון א י ם ווערן? און פאַרוואָס? איז זי אים דען נישט טריי־געווען? האָט ער זי דען נישט ליב? איז אים דען נישט־פריילעכער געוואָרן אויפן האַרצן, זינט ער האָט חתונה־גע־האַט? געוואוסט, אַז ער האָט א שטוב. געקראָגן אַן אויער פאַר זיינע רייד. איר פּנים האָט אים אומעטום באַגלייט. אירע אויגן האָבן אים אומעטום נאָכגעקוקט. וואַרים. מיט ליבשאַפט. ווי א קינד.

— זיך דערפילט יינגער, יינגער...

געפירט פון אזעלכע געדאַנקען, איז כאַרכע געקומען צו דער טיר פון סולעמאַס חברטע. ער איז געשטאַנען, ווי א גנב

פארן ריכטער, און געווארט אויפן אורטייל. די חברטע האט אים געזאגט, אז זי, סולעמא, איז נישטא ביי איר. נאר ער האט פון דער טיר נישט געוואלט אוועקגיין. געשטאנען און רייד. ווי צוגעשטאנען, מ׳זאל אים געבן א נדבה, מ׳זאל אים פארט געבן די נדבה...

— איך ווייס... — האט ער געשעפטשעט — סולעמא וויל מיך ניט זען... זי איז גערעכט... אבער... איך בין ניט שולדיק... גרייט דעם קאפ צו שפאלטן, זי זאל זען, אז איך בין ניט שולדיק...

די חברטע האט נאך די רייד נישט געקענט איינשטיין ביי דער טיר. זי איז גיך אוועק. נישט געוואלט ווייזן, אז טרערן האבן זיך א דריי־געטאן אין אירע אויגן. אוועק און זיך היפש געזאמט. פון א פארמאכטן צימער האבן זיך געהויבן צוויי שטימען. איינע די אנדערע אריבערגעיאגט. ביז ביידע זיינען אנטשוויגן געווארן. און די חברטע איז ארויס, שלעפנדיק פאר א האנט סולעמאן, צו דער טיר, צו כארכען, וואו די שוועל האט זיי ביידע צעטיילט. די זעלביקע שוועל האט זיי ביידע פאראייניקט. די חברטע האט כארכעס האנט צוגעטראגן צו סולעמאס און, ווי א זיגערין, פרייליך געפרעגט:

— מיט וועמען ווילט איר לעבן, כארכע, מיט די הייליקע בילדער אדער מיט סולעמאן?

— מיט סולעמאן. — האט כארכע שטיל געענטפערט.

— מיט וועלכן גאט האט איר חתונה־געהאט? — האט די חברטע ווייטער געפרעגט — מיטן גאט פון קלויסטער אדער מיטן גאט פון ליבע?

— ליבע. — האט כארכע שטיל געענטפערט.

— וועט איר אויפהערן ריידן אין שטוב וועגן רעליגיע, געטער און הייליקע בילדער?

— יא.

— און די מאמע, מיט איר צלם און מאראל, וועט זיצן געזונטערהייט ביי זיך אין דער היים?

— איינשטימיק.

— טא זאל זיין אין א מזלדיקער שעה!

די חברטע האָט טריומפירנדיק גענומען כּאָרכעס האַנט אונטער איר אָרעם. סולעמאַס האַנט אונטערן צווייטן אָרעם און מיטן יונגן פאַר־פאָלק אַריבער די שוועל פון הויז.

## אַ וואַנט אין דער מיט

די וואַנט פון כּאָרכעס וואוינונג האָבן ווידער געהערט קור־שן און געפּליסטער. סולעמאַ האָט געפלאַטערט פון פרייד. אין די צימערן איז ליכטיקער געוואָרן, וואַרימער, היימלע־כער. דער טויער האָט איר אויפגעהערט ציען אין דרויסן אַרויס. זי האָט אויסגעמיטן די בליקן פון די שכנים. מורא־געהאַט פאַר דער שכנטעס פראַגן. איז געבליבן אין שטוב גאַנצענע טעג. האָט אויפגענומען די חברטע אָדער זיך פאַר־טאָן אין דער באַלעבאַטישקייט. טשאָלאַ, די דינסט, האָט דערשפּירט אַן אייגענע, דערשפּירט צוגעלאָזנקייט און פאַר־געסן, אַז ס'איז אַ באַלעבאָסטע. אפילו גענומען באַריידן די שוויגער. ביז סולעמאַ האָט איר געזאָגט:

— ניט שיין, טשאָלאַ, פון אייער זייט, וואָס איר רעדט אַזוי וועגן מיין מאַנס מוטער. זי איז פאָרט מיין שוויגער. נו, איז זי אַ פרומע קריסטין. איז וואָס האָט איר אויף איר צו ריידן שלעכץ?

כּאָרכע, קומענדיק אַהיים, האָט אין אַ פאַסיקער מינוט, ווען סולעמאַ איז אַרויס אין גאַס עפּעס איינקויפן, אַ פרעג־געטאָן:

— טשאָלאַ, ווי איז געווען די באַלעבאָסטע?

— זייער גוט, סעניאָר. — האָט די דינסט געענטפערט מיט ציטערדיקן רעספּעקט.

— נישט געוויינט?

— נאָ, סעניאָר,

— זי האָט אייך עפּעס געזאָגט?

— נאָ, סעניאָר. נאָר... ווען איר זאָלט וויסן...

— וואָס?

— זי האַלט דאָך אַזוי הויך אייער מאַמע!

— אַזוי גאָר?

— סי, סעניאָר! זי האָט וועגן אייער מוטער די העכסטע מיינונג.

דערפאַר, אַז סולעמאַ איז אַריינגעקומען, האָט כאַרכע זיך אַרומגעדרייט אַרום טיש, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פול מויל מיט ווערטער, און נישט געוואוסט ווי אַנצוהייבן. ער האָט זיך פאַרגנבעט צו איר מיט הייסע אויגן. געוואָלט זיך דער־נענטערן, אָבער נישט געוואגט. נאָר, ווען סולעמאַ האָט זיך פאַרבייגעשאַרט, פאַרענדיק זיך אַרום דעם קרעדענץ, האָט ער זיך איבער איר אַריבערגעבויגן און איינגעגראָבן אַ קוש אין נאַקן. סולעמאַ האָט געשוויגן. האָט ער נאָכאַמאָל זיך איינגעגראָבן מיט די ליפּן און געקושט. סולעמאַ האָט זיך אויסגעדרייט, ווי פאַרוואונדערט:

— וואָס עפּעס?

כאַרכע האָט מיט אַ שמייכל אָוועקגעמאַכט:

— אָט... אַזוי זיך...

ביי דער וועטשערע, שמועסנדיק וועגן פאַרשיידענע זאַכן, האָט ער דערציילט:

— ווייסט, סולעמיטאַ, כ'האָב געטראָפן איגנאַסיאָן... האָט ער מיך געוואָלט איינבעטן, איך זאָל מאַכן, אַז די מאַמע זאָל ווידער אָנהייבן קומען. ער...

אין כאַרכען זיינען די ווערטער פאַרקילט געוואָרן. ער האָט געזען, ווי סולעמאַ האָט אויפגעהערט עסן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי איז געוואָרן בלייך, פאַרלוירן, שטום.

— וואָס איז דיר, סולעמיטאַ? — האָט ער אַ פרעג־געגעטאָן און זיך אויפגעהויבן פון בענקל.

סולעמאַ איז אויפגעשטאַנען, איידער ער האָט זיך דער־נענטערט, און איז גיך אַרויס פון צימער.

כאַרכע איז איר נאָכגעלאָפן, האָט אָנגענומען פאַר די הענט. געבראַכט וואַסער. פונקט ווי אַ ביין וואָלט זיך איר אין האַלדז געשטעלט. און, זעענדיק, אַז ער קען פון איר קיין וואָרט נישט אַרויסקריגן, געזאָגט:

— שוין, שוין, שוין... כ'פאַרשטיי... דאַרפסט מיר נישט אַריינלייגן קיין פינגער אין מויל... כ'פאַרשטיי... די מאַ־מע... וועט זי נישט קומען... וועל איך זאָגן, אַז ניין... גוט?

נאָך אַ לאַנגן איינטענהן האָט סולעמאַ גענומען ריידן. זי האָט גערעדט שטילער ווי שטענדיק, כמעט געשעפּטשעט:

— איך האָב געמיינט... כ'וועל דיך בעטן... געוואָלט גיין היינט... דו מיט מיר...

— וואו?

— אין יידישן טעאַטער... אַ גרויסער אַקטיאָר... גע־הערט... אַזוי שיין...

— אָבער... איך? אַ קריסט אין יידישן טעאַטער? וואָס וועל איך פאַרשטיין?

— טאָ מיט וועמען זאָל איך גיין? — סולעמאַ האָט זיך געחידושט, פאַרוואָס ער וויל עס נישט טאָן פאַר איר — ווער וועט מיך באַגלייטן אהיים? אַזוי שפּעט באַנאַכט... איינע אַליין...

ער האָט איינגעשטימט. איינגעלאַדן די חברטע און צו־זאַמען געגאַנגען.

נאָר אין טעאַטער איז אים גיך געוואָרן לאַנגווייליק. ער האָט נישט געקענט איינהאַלטן אַ געניץ, איין מאָל און נאָך אַ מאָל. סולעמאַ האָט אים שטיל איינגערוימט אין אויער:

— כאַרכיטאַ! ווי שעמסטו זיך נישט? מ'זעט דאָך...

— וואָס קען איך זיך העלפן? — האָט ער זיך פאַרטיי־דיקט — די סצענע איז שיין. די אַקטיאָרן זיינען שיין. זיי שפּילן שיין. נאָר פאַר מיר איז עס לאַנגווייליק... וואָס בין איך שולדיק? איך פאַרשטיי זיי נישט, איז מיר לאַנגוויי־ליק... וואָס בין איך שולדיק?

די יונגע פרויען האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי קען מען אַזוי ריידן, און די חברטע האָט אים אַריינגעשושקעט:

— אַזאַ אינטעליגענטער מענטש ווי איר!... אַ שאַנדע... אויף דער סצענע איז אַזאַ קינסטלער...

— יאָ, אַ קינסטלער... אָבער, וואָס קען איך מאַכן? ס'איז פאָרט נישט מיין שפּראַך און ס'איז נ י ש ט מיין גע־שמאַק... אַז ס'איז מיר פאָרט פרעמד!

ער האָט געוואָלט אַרויסגיין, כאָרכע, נאָכן אַקט. געוואָלט בלייבן אין אַ קאַפע־הויז ביז נאָך דער פאָרשטעלונג. סולע־מאַ מיט דער חברטע האָבן אים איינגעבעטן, ער זאָל מיט זיי בלייבן. ניט־שיין, האָבן זיי אים געמוסרט. איז ער געבליבן. נאָר ער איז געזעסן צווישןביידע יונגע פרויען, שטיל און פאַרלאַנגווייליקט, בעת זיי האָבן אין געשפּאַנטקייט זיך גע־צויגן און געהויבן צו דער בינע, צום שפּיל און צו די אַר־

טיסטן. ער איז געזעסן, ווי ער וואָלט געווען איינער אַליין, אַ פרעמדער, ווי עס וואָלט געווען אַ וואַנט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט, די צוויי נאָענטע, אייגענע מענטשן.

## נייע וואָלקנס

ביים אַרויסגיין פון טעאַטער האָט אַ יונגערמאַן זיך פאַר־נויגט צו סולעמאַן. באַגריסט, ווי ער וואָלט זיך דערפרייט. סולעמאַ האָט אים אָפּגעדאַנקט מיט אַ ברייטן שמייכל און מיט איר דינינקן שטימעלע אַריבערגערופן איבער עטלעכע מענטשן:

— וואָס מאַכט איר, סעניאָר לינעצקי?

דער יונגערמאַן האָט זיך דערנענטערט און אונטערגע־טראָגן אַ האַנט. ענטפערנדיק מיט איר הענטל, האָט סולע־מאַ אָנגעוויזן אויף כאָרכען און איר חברטע:

— באַקענט אייך, סעניאָר לינעצקי! אַ, ווי לאַנג מיר האָבן זיך עס שוין נישט געזען!

דער יונגערמאַן האָט אויסגערעכנט:

— אַ זעקס יאָר געווים. אַזאַ לאַנגע צייט!

זיי האָבן זיך צערעדט וועגן נאָענטס און פרעמדס. אויס־געפרעגט וועגן געזונט און לעבן. און, אַריבערגייענדיק צום אָוונט, האָט סולעמאַ, אַ צופרידענע, מיט אַ קלינגענדיקן גע־לעכטערל, דערציילט:

— מיין מאַן, סעניאָר לינעצקי, האָט אונדז גענומען אין יידישן טעאַטער. ער פאַרשטייט נישט קיין יידיש...

— איך ווייס. — האָט דער יונגערמאַן באַמערקט — נאָר עפּעס מוז אייער מאַן שוין פאַרשטיין...

— אָ, ניין! — סולעמאַ האָט געלאַכט מיט אַ דריבנינקן געלעכטער — איך האָב אים נישט געלערנט קיין יידישע זאַכן. פון מיר האָט ער זיך קיין יידיש נישט געקענט אויס־לערנען. און אין די יידישע געזעלשאַפטן בין איך אויך אַ לאַנגע צייט נישט געגאַנגען, זינט איך האָב חתונה־געהאַט... איר פאַרשטייט? מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אונדזערע פּרי־וואַטע זאַכן אין אַ זייט... איך ברענג אים נישט מיין גאָט אין שטוב אַריין און ער ברענגט ניט זיין גאָט אין שטוב אַריין... אײַאָ, כאָרכיטאָ?

— אזוי איז עס. — האָט כאַרכע געענטפערט מיט דער זעלביקער ווייכקייט.

— וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע שותפות! — האָט לי־נעצקי איבערגערעדט — שוין לאַנג, אַז איר היט זיך אזוי, צו זיין גלייך אויף גלייך?

זיי האָבן געלאַכט. געפּלאַפּלט. אַנשטאָט פאָרן זייַנען זיי געגאַנגען. סולעמאַ האָט געבעטן:

— אַזאַ שיינע נאַכט... גוט צו שפּאַצירן...

גייענדיק, האָט לינעצקי דערציילט, אַז די צייט איז אַ פרייליכע, אין דער שטאָט. פאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן. אויסער טעאַטער, זייַנען דאָ גרויסע יידישע רעדנער. און אונטערנעמונגען יידישע, זייער־אינטערעסאַנטע. שוין לאַנג אַזעלכעס נישט געווען און נישט געזען. און ער, לי־נעצקי, לאָזט גאָרנישט דורך. ער גייט יעדן טאָג און עס ווערט אים נישט נמאס:

— דען פאַראַן אַ סך געלעגנהייטן אַזעלכע?

סולעמאַ האָט געהערט. אין איר איז אויפגעקומען אַ געפיל פון קנאה און זי האָט פאַר אים געזאָגט, קאַפּריזנע:

— אָ, וואָס פאַר אַן עגאָיסט איר זיינט! פאַרוואָס זאָלט איר אַליין הנאה־האָבן?

— עגאָיסט? איך? — לינעצקי האָט אַרויסגעוויזן ברייט־האַרציקייט — אָ, ניין! אויב איר ווילט, קען איך אייך איינ־לאַדן. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

און, אָנקוקנדיק דעם מאַן, וואָס מיטן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, צוגעגעבן:

— נאַטירלעך, אויב אייער מאַן וועט דערלויבן...

סולעמאַ האָט זיך געוואָנדן צום מאַן. אים געזען, כאַר־כען, אַ פאַרטועמעם. האָט עס איר פאַרדראָסן. און דערפאַר געפרעגט, צי ער האָט טאַקע נישט געהערט, וועגן וואָס מ'רעדט דאָ:

— כאַרכיטאַ! — האָט זי אים פאַרגעוואָרפן — מ'רעדט דאָך צו דיר! מ'האָט דאָך דיך געפרעגט! וואָס ביסטו דאָס אזוי פאַרטאָן?

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, כאַרכע, ווי פון שלאָף, אַ טרייסל־געטאָן מיטן קאָפּ, ווי צום אויסניכטערן זיך, אָבער נישט געקענט באַהערשן די צעטומלטקייט:

— יאָ... געפרעגט... וואָס? אַך, יאָ... וואָס האָסטו מיך צו פרעגן? איך לאָז דיך נישט? דו... פאַרשטייסט... אויב דיר איז אינטערעסאַנט... טאָ גיי, גיי, מיט פאַרגעניגן...

און, צוריקגעווינענדיק דאָס גלייכגעוויכט, זיך געוואָנדן צו לינעצקין:

— מיט פאַרגעניגן, סעניאָר! אַ דאַנק פאַר אייער גוטסקייט! נעמט מיט סולעמאַן, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן!

אויפן אַנדערן טאָג האָט לינעצקי טאַקע מיטגענומען סולעמאַן אין אַ טעאַטער. אין דעם טעאַטער האָט אַ פרוי באַדאַרפט ריידן וועגן יידישן לעבן אין ווייטע לענדער. כאָרבע איז לינעצקין געווען דאַנקבאַר און אַרויסגעוויזן העפלעכקייט, האָט קאַוואַלעריש צוגעטראָגן דער פרוי דעם מאַנטל און אָנגעטאָן. זי, סולעמאַ, האָט אים געפרואווט נאָך אַ מאָל בעטן, ער זאָל מיטגיין.

— וואָס אַרט דיר? — האָט זי אים געפרואווט איינריידן.

כאָרבע האָט זיך אָבער באַפרייט און זיך פאַרענטפערט:

— איך האָב אַ סך צו אַרבעטן... קאָרעספּאָנדענץ... רעכענונגען... הינטערשטעליק אין באַנק...

ווען זי איז אַרויס, איז ער אָבער געבליבן שטיין ביי דער טיר. זיך צוגעהערט צו די טריט, צו די דריבנינקע און פעסטמאַנסבילשע טריט. די קליינע קלעפּעלעך האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין די שווערע. זיי האָבן אָפּגעהילכט אין זיינע אויערן, אַרויפגעקראָכן אויף זיין נאַקן און אַרויף ביזן שאַרבן. וואָס־מער זיי האָבן זיך דערווייטערט, די טריט, אַלץ־שטאַרקער האָבן זיי אָפּגעהילכט אין זיין מאַרך. און, ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים פאַרשווינדן, האָט ער דערהערט זייער עכאָ קלאַפּן, ווי מיט העמערלעך, אין די אויערן אַראָפּ, אַראָפּ, ביזן האַרצן אַריין.

### צווייפל

דאָס, וואָס לינעצקי איז געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער צו סולעמאַן אין שטוב אַריין, האָט כאָרבען געפרייט און געקרענקט. געפרייט, ווייל סולעמאַ איז געוואָרן מער־אויפגעלייגט, פרייער, לוסטיקער. און געקרענקט, ווייל זי האָט גענומען צופיל ריידן פון לינעצקין. און ער, כאָרבע, האָט אים צו־אָפּט געזען ביי זיך אין שטוב.

זיצנדיק ביים טיש, האָט סולעמאַ געהאַט עפּעס צו דער־ציילן:

— ער איז אַזאַ מאָדנער...

— אַך, שפּילט ער שיין פּיאַנאָ!

— און, ווייזט אויס, ער איז רייך, דער לינעצקי...

כאַרכע האָבן די דאָזיקע רייד זיך גענומען שטעלן ווי אַ ביין אין האַלדז. ער פּלעגט זיי פּרוּוון רוּאיק אָראָפּשלינגען און פאַרגעסן. ער האָט אָבער נישט געקענט פאַרגעסן. אין באַנק, זיצנדיק ביים פענצטערל און קאָנטראָלירנדיק די צעטלען אין די חשבונות, האָט ער די ווערטער געהערט שטיל שעפּטשען אין די אויערן:

— ער איז אַזאַ מאָדנער... אַך, שפּילט ער שיין פּיאַנאָ... און, ווייזט אויס, ער איז רייך, דער לינעצקי...

די אַרבעט ביים פענצטערל איז אים געוואָרן שווער און שווערער. די ציפערן האָבן זיך ביי אים געלייגט ווי בליי אויפן קאָפּ, די טעותים פאַרמערט, ביז ער האָט געקראָגן פאַר דעם עטלעכע באַמערקונגען. עס האָט אים געזאָגט דער באַנק־רעפערענט, אַז לעצטנס האָבן ביי אים זיך באַוויזן מיאוסע פעלערן אין די ציפערן.

— אַ באַנק — האָט דער רעפערענט געזאָגט — דאַרף זיין פּונקט ווי דער רבונו־של־עולם: טאָר קיין טעות נישט מאַכן! געזאָגט איז געזאָגט. געשריבן איז געשריבן. די באַנק, פּונקט ווי גאָט, דאַרף זיין אין איר חשבון אַלעמאָל גערעכט.

כאַרכען האָבן די ווערטער געפּייניקט. ער האָט גענומען פעקלעך פּילן צו קאָפּ־ווייטיק. ווען די ציפערן האָבן זיך גע־פּלאָנטערט, ווי בליי געלעגן אויפן קאָפּ, האָט ער זיך גע־טרייסט מיט די פּילן און געוואַרט אויף דערלייכטערונג. אין אַ נאָכמיטאָג איז אים אָבער געוואָרן אַזוי איבלדיק, אַז ער האָט געבעטן, מ׳זאָל אים פאַרטרעטן אין דער אַרבעט. ער קען זיך, האָט ער געזאָגט, אויף די פיס נישט האַלטן. און איז גיך אַוועק אַהיים.

כאַרכע, קומענדיק צו דער טיר, האָט נישט אָנגעקלונגען. ער האָט אַליין געעפנט די טיר, פון דרויסן, מיט זיין שליסע־לע, און לאַנגזאַם אריין אין הויז. קלאַנגען פון פּיאַנאָ האָבן זיך געטראָגן הינטער פאַרמאַכטע טירן און אַ שטימע, סולע־

מאַס דינע שטימע, האָט זיך דורכגעשניטן דורך די כוואַ־ליעס פון די פּיאַנאָ־קלאַנגען. די מוזיק און דאָס געזאַנג האָבן זיך געוויגט.

כאָרכע איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו דער טיר, אין אַ ווינקל אַריינגעקוקט דורך די לעכלעך פון די געשטריקטע פאָרהאַנגען. נאָר איידער ער האָט עפּעס דערזען, האָט דאָס שפּילן און זינגען אויפגעהערט. מיטאַמאָל איבערגעריסן געוואָרן. און סולעמאַ, לויפנדיק צו דער טיר, האָט גערופן שרעקעדיק און דין:

— כאָרכיטאָ! וואָס איז, כאָרכיטאָ? אַזוי פרי פון דער אַרבעט?

כאָרכע אַ פאַרחלשטער, איז געבליבן שטיין ביי דער טיר מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ אויף אַהינטער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, און געענטפערט מיט אַ שעפּטשען:

— שלעכט... נודיעט... אונטערן האַרצן...

לינעצקי האָט צערטלעך אַריינגעפירט כאָרכען אין צימער אַריין. סולעמאַ איז געלאָפן נאָך וואַסער, איז געווען אַ פאַר־ציטערטע, האָט געשריען נאָך דער דינסט און, צוריקקומענ־דיק, נישט געוואוסט, וואָס פריער צו טאָן. און, אָנקוקנדיק כאָרכען אויף דער סאָפע מיט ווייטיקלעך־צוגעמאַכטע אויגן, געפרעגט:

— אפשר אַ דאָקטער? אפשר רופן די גיכע הילף? כאָר־כיטאָ? וואָס איז דיר?

זי האָט פאַר אים געקניט. מיט די פינגער געוועקט און געגלעט דאָס געזיכט. געבעטן, ער זאָל עפּעס זאָגן, ער זאָל דערציילן:

— כאָרכיטאָ... זאָג! וואָס האָט פּאַסירט? וואָס? גע־פאַלן?

לינעצקי האָט געוויזן מאַנסבילשע שטאַרקייט. געהייסן ברענגען היים וואַסער. געוואַרימט די פיס. געוואַשן כאָרכען האַלדז און פּנים מיט אַלקאָהאָל און געגעבן טראָפּנס. כאָרכע האָט דערשפּירט די וואַרימקייט פון לינעצקיס הענט. די וואַרימקייט האָט אים געפרישט. ער האָט געפילט אַ דאַנק־באַרקייט צו די דאָזיקע פינגער און זיינע ערשטע בליקן, אין

אומבאהאָלפנקייט און דאנקבארקייט, באַגלייט מיט שטילע ווערטער:

— איר זיינט אַזאַ גוטער...

און צו אים געשמייכלט מיט ביטערן שמייכל:

— איר... אַ גוטער מענטש... סעניאָר לינעצקי... ווי אַ ברודער...

און איינגעלאַדן צו בלייבן ביז איבער וועטשערע. לינעצקי האָט אָבער אָפּגעזאָגט:

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! נאָר נישט היינט. זיך אָפּגערעדט...

כאַרכע, שמייכלענדיק, האָט פאַרזשמורעט די אויגן:

— אין אָוונט... אָפּגערעדט... מסתמא אַ ליבע... אַ פרוי... העַ?

— אַ ליבע? — האָט לינעצקי אָפּגעשלאָגן די רייד — אויב אין אָוונט, מוז שוין זיין אַ ליבע? נישטאָ קיין אַנדערע זאַכן צו טאָן אין אָוונט?

כאַרכע האָט די ווערטער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין. ליגנדיק אין בעט און עסנדיק די זופּ, וואָס סולעמאַ האָט אים אונטערגעטראָגן צו וועטשערע, האָט ער, כלאחר־יד, שטיל אַ פרעג־געטאָן:

— אמת, סולעמאַ, דער לינעצקי איז אַ וואוילער בחור?

— יאָ, זייער אַ וואוילער. — האָט סולעמאַ צוגעשטימט

— אַ סימפּאַטישער מענטש.

— מיך וואונדערט טאַקע, — האָט כאַרכע פאָרגעזעצט —, וואָס דו ביסט געווען באַקאַנט מיט אַזאַ וואוילן בחור, איידער מיר האָבן חתונה־געהאַט, און האָסט אים נישט אויסגעקליבן... ער שפּילט... דו זינגסט... ער אין יידישן טעאַטער... דו אין יידישן טעאַטער.. און וואָס איך? איך זינג נישט... קיין יידיש פאַרשטיי איך נישט... אַ גוי... און קיין שענערער פון לינעצקין בין איך אויך נישט... איז וואָס?

סולעמאַ האָט צעעפנט אירע אויגן. פון זיי האָט אַרויסגעשפּאַרט פאַרוואונדערונג. פון פאַרוואונדערונג האָבן זיך אָנגעצונדן פאַרגעפילן. פון פאַרגעפילן — שרעק. כאַרכעס פנים האָט אויסגעזען צעפיבערט און זיינע ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַ ריידן פון היץ.

כאַרכע האָט פאַרהאַלטן די דינסט, פאַרבייגייענדיק, ווי גאָרנישט מיינענדיק, און פאַרטשעפּעט מיט אַ פראַגעלע:

— די סעניאָרא איז היינט אַרויסגעגאַנגען?

טשאַלאַ האָט הויך געענטפערט:

— נאַ, סעניאָק! די סעניאָרא...

— ששששש! — האָט איר כאַרכע איבערגעשלאָגן — צו וואָס אַזוי שרייען? איר קענט נישט ריידן, אַז קיינער זאָל נישט הערן? יאָ... אַזוי... איז דער סעניאָר לינעצקי היינט געקומען?

די דינסט האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענטפערן, ווי עס איז אַריין אין צימער סולעמאַ. אַריין, פרעגנדיק:

— כאַרכיטאַ, האָסט מיך גערופן?

— אַ, ניין! — האָט כאַרכע געזאָגט אין פאַרלעגנהייט — איך בעט טשאַלאַן... ריינע וואַסער, ריינע... קיין טיי וויל איך נישט...

די דינסט איז אַרויס. סולעמאַ האָט אָנגעקוקט כאַרכען מיט אומצוטרוי. געוואָלט עפּעס זאָגן. דאָך זיך איינגעהאַלטן. געשוויגן.

— וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? — האָט כאַרכע איבער־געריסן דאָס שווייגן — וואָס איז דאָס פאַר אַ קוקן? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין שפּילן טעאַטער?

סולעמאַ האָט לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ. געלאָזט וויסן, אָן ווערטער, אַז זי האָט נישט וואָס צו זאָגן. געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַדויערנדיק. כאַרכע האָט אָנגעשטרענגט די אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זען אַ זאַך, וואָס ער האָט נישט געזען, און האָט צעפּאַלדעוועט דעם שטערן. זאָרג איז אים אָנגעלאָפן אויפן פּנים. ער האָט געוואַרט, זי זאָל עפּעס זאָגן. וואָס־מער זי האָט געשוויגן, אַלץ־מער האָט זיך אויף אים צעטאַנצט אויפרעגונג. ביז ער האָט אויסגעשריען:

— הער אויף מיט דיינע שטיק! ווילסט ריידן, רייד! נאָר הער אויף מיט מיר צו מאַכן קאָמעדיעס!

סולעמאַ האָט זיך אָנגענומען מיט די הענט פאַר די היפּ־טן און, צוקלאַפּנדיק מיט אַ פּיסל, דין, גיך, געזאָגט:

— אַהאַ! שוין עפּעס דאָ! אַ נייסעלע...

— נישט מיינע! — האָט כּאַרכע אויסגעשריען.

— נאָר מיינע? — סולעמאַ האָט נאָך אַלץ צוגעקלאַפּט מיטן פּיסל — נו, זאָג שוין, זאָג, זאָג! איך זע דאָך, אַז דו ווילסט זיך קריגן...

—איך?

— ניין, איך?

— אוודאי נישט איך! — איז כּאַרכע געווען זיכער — דו ווייסט שוין, וואָס איך מיין...

— וואָס ווייס איך?

— זי ווייס נישט... זע נאָר, זע! די גאַנצע וועלט ווייס און זעט, נאָר זי איינע ווייס נישט...

— וואָס? רייד! לאָמיר שוין הערן אַ וואָרט! אפשר לי־נעצקי? אהאַאַאַ...

— אהאַאַאַ!! — כּאַרכע האָט זיך איינגעבויגן אין דרייען און קלאָוניש נאָכגעמאַכט — זי ווייס נישט... איך דאַרף איר זאָגן!

סולעמאַ האָט נאָכמער זיך געוואונדערט:

— אַזוי גאָאָאָר?! דאָס איז עס?! אייפערזוכט? לינעצקי שטייט דיר אין וועג? נישט פאַרגונען דעם ווייב, טאָמער קומט אַריין אַ מענטש אין שטוב און דער אומעט ווערט אויף אַ ווײַלע פאַריאָגט... אהאַאַאַ?!

כּאַרכע איז געשטאַנען מיטן פּנים אויסגעדרייט צו דער וואַנט. געוואָלט אויסהערן אַלץ, וואָס זי, סולעמאַ, וועט אים האָבן צו זאָגן. נאָר, הערנדיק, אַז זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט נישט בדעה פאַרצוזעצן דאָס ריידן, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— און, אַז איך פאַרגין נישט, איז וואָס? אַן עוולה? איין מאָל איז דיר ווייניק? וויפל מענער דאַרפסטו האָבן?!

— וואָס? — סולעמאַ האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, ווי מ׳וואָלט זי איבערגעשראָקן אויף טויט — אָ! אָ!! דאָס? איך...

און אויסגעבראָכן אין געוויין. איינגעגראָבן ס׳פּנים צווי־שןביידע האַנטפלאַכן און געיאָמערט. אַריין אין שלאָפצי־מער און אַנידערגעפאַלן אויפן בעט.

סולעמאַ איז נאָך געלעגן און געוויינט, ווען לינעצקי האָט אַנגעקלונגען. זי האָט נישט געהערט, ווי די דינסט איז צו

איר אריין און אָנגעזאָגט וועגן זיין קומען. און, אַז זי האָט דערהערט, האָט זי נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן: צי ער זאָל אריינגיין אָדער נישט. איז די דינסט געשטאַנען ביים בעט, געקוקט אויף דער יונגער באַלעבאָסטע, וועלכע איז געלעגן צעבויגן, ווי אַ פראַגע־צייכן, און געוואַרט.

לינעצקי האָט זיך ארומגעדרייט איבערן וועסטיבל. ער ער האָט געהערט דאָס שליוכצן, וואָס אין שלאָפצימער. ער האָט געהערט, ווי דער באַלעבאָס פון שטוב, כאַרכע, האָט גערופן די דינסט. געזען, אַז קיינער פאַרנעמט זיך נישט מיט זיין קומען. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז געקומען אין אַ שלעכטער צייט און איז אַן איבעריקער. אַז די דינסט האָט זיך ארויסגעשאַרט פון שלאָפצימער, האָט ער זי גע־וואָלט פאַרהאַלטן, פרעגן. זי האָט אָבער אויפגעהויבן די הענט, גלייך ווי זי וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז נאָר איין גאָט אין הימל ווייסט, וואָס דאָ קומט פאָר, איז אויסגעמיטן און איז אַוועק אין קיך. האָט לינעצקי שטיל געעפנט די טיר און, ווי פון אַ שווערן חולה, זיך ארויסגעשלייכט פון הויז.

## דער ווידערשטאַנד

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט כאַרכע געבעטן ביי סולע־מאַן, זי זאָל אים מוחל־זיין. אריינגערעדט, אַז דאָס איז גע־קומען איבער זיין פילן זיך נישט גוט. אַז אַ מענטש איז קראַנק, האָט ער געזאָגט, קומען אים אַלערליי נארישקייטן אין קאָפּ אריין. נו, איז ער ארויס מיט אַזעלכע רייד וועגן לינעצקין.

— גלייבסטו דען, — האָט ער געפּליסטערט, ליגנדיק נעבן איר, אַן אונטערגעוואָרפענער —, אַז איך קען דיך חושד־זיין? נאַרעלע, וואָס פעלט דיר איין?

סולעמאַ איז אָבער נאָך אַלץ געווען אַן אָנגעברוגזטע. זיי־נע אָנצוהערענישן וועגן לינעצקים קומען, דאָס נאָכפרעגן זיך ביי דער דינסט, צי לינעצקי איז געווען אין שטוב, זיי־נען איר פון קאָפּ נישט ארויס. האָט זי געענטפערט מיט אומקלאָרע רייד, אַז ס'איז שווער געווען פון זיי צו פאַר־שטיין, צי זי איז איבערגעבעטן אָדער ברוגז:

— סי, סי, סי... מיר קענען אייך, מענער... אַ פרוי איז

ביי אייך ווי א שאפע... איר מעגט אלץ... נאר טאמער ווייזן מיר, פרויען, עמיצן א גלייך פנים, האט איר באלד מורא, אז אפשר וועט אן אנדערער וועלן טאן דאס זעלביקע, וואס איר אליין טוט קעגן אנדערע פרויען...

כארכע האט זיך געמאכט נישט־פארשטייענדיק און, אנשטאט רייד, געענטפערט מיט קושן.

אין דער פרי, צו דער ארבעט, איז כארכע אוועק א דערמונטערטער, א פרייליכער. אוועק, ווי א טאג נאך דער חתונה, מיט צעווארימטע אויגן. און אין באנק געשטאנען אן אויפגעהייטערטער, א רירעוודיקער, גרייט אלעמען צו זאגן א ווארט מער איידער א ווארט ווייניקער. פון דעסטוועגן האט ער נישט געקענט אויסהאלטן די גאנצע ארבעטצייט און בייטאג אנגעקלונגען אהיים. געבעטן ביי דער שכנטע, זי זאל אזוי גוט זיין און ארייגרופן סולעמאן צום טעלעפאן, צוליב א זייער־וויכטיקער זאך. סולעמא איז באלד געקומען, אין איין געאייל. געמיינט, אז עפעס שרעקלעכס האט פאסירט, און דערפאר גיך א פרעג־געטאן, מיט מורא:

— וואס איז? פילסט זיך עפעס נישט גוט?

כארכע האט געענטפערט מיט א געלעכטערל. ניין, עס האט גארנישט פאסירט: דאס האט ער זיך נישט געקענט איינהאלטן, האט ער איר געזאגט, און געוואלט וויסן, וואס זי מאכט:

— פילסט זיך גוט?

— יא. — האט סולעמא געענטפערט און זיך קוים געקענט באהערשן, ווארום דאס ארויסרופן דורכן טעלעפאן איז ביי כארכען געווען א זעלטנקייט — וואס איז דען?

— ע, גארנישט. נאר געוואלט וויסן, צי דיר איז אומעטיק.

— ניין.

— ביסט אליין?

— ניין. לינעצקי איז דא. ער איז געקומען א טויט־איבערגעשראקענער. ווייל נעכטן... דו געדענקסט דאך... ער האט געמיינט, ווער וויים, וואס האט פאסירט... איז ער געקומען צו לויפן...

כארכע האט זיך נישט געאיילט צו ענטפערן. אויסגעהערט,

געוואַרט אַ ווײַלע. נאָר פּלוצלינג האָט ער הויך אויסגערופן:
— אויף ווידערזען!
און מיט אַ זעץ אַנידערגעוואָרפן דאָס טעלעפאָן־טרײַבל אויפן אַפּאַראַט.
אַהיים איז כאַרכע געקומען שפּעטער ווי יעדן טאָג. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין די גאַסן. נישט געוואָלט קומען אָן אויפגערעגטער. און, ווײַל ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי אַרײַנצוגיין אין שטוב, האָט ער אָפּגעצויגן אַ שעה נאָך אַ שעה. דאָך איז ער מיט דער זעלביקער אומקלאָרקייט אין קאָפּ געקומען אַהיים. סולעמאַ האָט זיך געוואונדערט:
— אַזוי קומט מען אַהיים? און דער קוש וואו איז?
כאַרכע איז אָן חשק צוגעגאַנגען און צוגעלייגט זײַנע ליפּן. סולעמאַ האָט אים באַגלייט מיט די אויגן צו דער סאָפּקע און געפרעגט, פון דער ווייטנס, מיט אומצוטרוי:
— ווידער קאָפּ־ווייטיק?
און נאָכדעם אים געבראַכט צום טרינקען. געבראַכט פּילן. ער האָט געשלונגען, געטרונקען און געשוויגן. געבעטן, זי זאָל אויך שווייגן:
— דער קאָפּ קען נישט פאַרטראָגן קיין רייד...
נאָך וועטשערע איז געקומען לינעצקי. סולעמאַ האָט בײַ כאַרכען עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, צי זאָל זי גיין אין טעאַטער, אויף לינעצקיס אײַנלאַדונג, און כאַרכע האָט איר יעדעס מאָל געענטפערט:
— וואָס פרעגסטו בײַ מיר? אַז דיר געפעלט, גיי!
נאָר, אַז לינעצקי האָט אויף איר געוואַרט און סולעמאַ האָט זיך געגרייט אַרויסצוגיין, האָט ער פאַרפירט אַ שמועס:
— ווי גייען עפּעס די געשעפטן?
— גוט. — האָט לינעצקי געענטפערט — ניט צום פאַרזינדיקן.
— האָט איר עס אַזוי פיל צײַט, — האָט כאַרכע ווײַטער געפרעגט —, וואָס איר קענט בײַטאָג אַוועקגיין פון געשעפט?
— יאָ. ניט צו פאַרזינדיקן. — האָט לינעצקי געענטפערט — דאָס געשעפט גייט שוין אויך אָן מיר.
— אויב אַזוי, — איז כאַרכע געוואָרן צודרינגלעך —, פאַרוואָס זשע האָט איר נישט חתונה?

ליגעצקי האָט געשמייכלט:

— היינטיקע צייטן... חתונה־האָבן... היינטיקע פרויען... ווער דאַרף נעמען אַ יאָך אויף זיך?

— אַזוי? — כאַרכע האָט נישט געקענט באַהאַלטן זיין אויפרעגונג — אַן אייגענע פרוי איז אַ יאָך... און אַ פרעמדע פרוי? אַ פרעמדע פרוי איז צוקער־זיס... העַ?

— וואָס רעדסטו? — האָט סולעמאַ זיך אַריינגעמישט, שטייענדיק שוין אין אָנגעטוענע צום אַרויסגיין — וואָס פאַר אַ ווערטער זיינען דאָס?

— ווערטער? — האָט כאַרכע פּלוצלינג אויסגעשריען — נישט קיין ווערטער! איך שפּאַס נישט! איך מיין עס ערנסט!

און, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף סולעמאַן, אויסגערופן באַפעלעריש:

— מ׳גייט היינט נישט אין טעאַטער! גענוג געגאַנגען!!

ליגעצקי האָט געשטאַמלט:

— איך... איר...

כאַרכע האָט איבערגעהאַקט:

— אַזוי! אַזוי!! איר ווייסט שוין אַליין!!!

ליגעצקי, נישט געזעגענענדיק זיך, ווי די ווערטער וואָלטן אים אַרויסגעטריבן, האָט זיך אויסגעדרייט צום אַרויסגיין.

— וואַרט, סעניאָר ליגעצקי! — האָט סולעמאַ אויסגערופן אַן אויפגעקאָכטע — מיר גייען אין טעאַטער!

ליגעצקי האָט מיט אַנגסט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— איך... ניין, סעניאָראַ!

— גיי איך אַליין!

סולעמאַ האָט האַסטיק אַ שפּאַן־געטאָן צו דער טיר. כאַרכע, אין גרימצאָרן, האָט געדראָט:

— סולעעמאַ! געדענק!! גייסטו איצטער אַוועק, האָסטו נישט קיין שליסל צו דער טיר!!!

סולעמאַ האָט מיט פאַראַכטונג אויסגעשפּיגן:

— אויב שוין יאָ סטראַשען, טאָ וועלן מיר זען!!

און, אויסלאָזנדיק דעם כעס צו דער טיר, אַ זעץ־געטאָן און איבערגעלאָזט הינטער זיך די רייד און די פאַרהילכנדיקע געשרייען.

## זומנדיק אַ טורייסט

סולעמאַ איז געגאַנגען אַ צערודערטע, ווי אַ שיכורע. ביים אַריבערגיין די גאַסן עטלעכע מאָל שיער אַנגעשלאָגן די נאָז אין פאַרביילויפנדיקע אויטאָמאָבילן. לינעצקי האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און געוואָרנט:

— זעט, ווי איר גייט! נאָך אַ האָר און איר ליגט אונטער די רעדער...

סולעמאַ האָט זיך אַרומגעקוקט. ווי ניט צו איר וואָלט מען גערעדט. און נאָכדעם, דערמאָנענדיק זיך די ווערטער, געזאָגט:

— גאָרנישט פאַרלירן... מ׳שטיינס געזאָגט...

— ע! — האָט לינעצקי איר געמוטיקט — צו שטאַרבן איז אַלעמאָל דאָ צייט. מ׳זאָל אַזוי זיכער זיין מיטן גליק, ווי מ׳איז זיכער מיטן טויט...

— און איר ווילט זיך נאָך? — סולעמאַ האָט אים מאָד־נע אָנגעקוקט, ווי נישט געטרויט זיינע ווערטער — עס ליגט אייך נאָך אין קאָפּ צו שפּאַסן?

לינעצקי האָט זיך געמיט צו זיין פריילעך.

— נאָר נישט מאַכן קיין טראַגעדיעס פון נאַרישע זאַכן!

— ער האָט גערעדט אין אַ פאָטערלעכן טאָן, ווי קעגן אַ קאַפּריזנעם קינד — וואָס איז דאָ אַזוינס געשען? וואָס? טאָמער האָט מאַן־און־ווייב זיך צעוועטלט? איז וואָס, אַז מ׳צעווערטלט זיך? איז עק וועלט? דאַרף מען מאַכן דערפון אַזאַ טראַגעדיע?

און, זעענדיק אַז סולעמאַ שווייגט, גייט לאַנגזאַמער, קוקט אויף אירע טריט, ווי זי וואָלט זיי קאָנטראָלירט, האָט ער ווייטער געלאָשן דעם אָנגעצונדענעם כעס:

— הערט מיך אויס, סולעמאַ! ס׳איז טאַקע אַלץ אמת... נאָר... איר זיינט ניט קיין נאַרישע פרוי. איך בין אויך ניט צום אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. מיר פאַרשטייען אין וואָס דאָ גייט. ער, כאָרבע, איז אייפערזיכטיק. ער מיינט, וועד וויים, וואָס עס קומט פאַר צווישן אונדז. ער קען אַנדערש נישט פאַרשטיין, ווי נאָר...

— אוודאי קען ער אַנדערש ניט פאַרשטיין! — האָט סו־לעמאַ איבערגעריסן לינעצקין — ער איז דען געוואוינט צו

פארברענגען אין געזעלשאפט? גיין אין טעאטער? זיך ווייזן פאר מענטשן? איז וואס וואלט ער געוואלט? מיר זאלן אייביק זיצן אין שטוב? קיינער זאל נישט אריינקומען? וואס?

— אבער, אז איר לאזט נישט ריידן! — האט לינעצקי געהאט פאראיבל — לאזט ריידן! א מאן, דארפט איר געדענקען, איז א מאן. א פרוי קלערט, אז מ׳קען דעם מאן נישט פארהיטן, ער זאל איר אפנארן. א מאן אבער דענקט, אז א פרוי מוז מען פארהיטן, זי זאל אים ניט אפנארן. טא פארוואס האט איר צו זיין אין כעס אויף כארבען? ער מיינט... נו... א פרעמדער מאן קומט אין שטוב, ווען ער איז נישטא... מוזיק... פיאנא... געזאנג... אליין... אומעטיק איז... ער איז נישט געוואוינט, אז מענטשן זאלן קומען... און איר האט דאך פריער געוואוסט, אז כארבע איז אזא...

די דאזיקע ווערטער האבן געפלאנטערט סולעמאן די פיס. זי איז געגאנגען אליין לאנגזאמער און לאנגזאמער. געשוויגן און געטראכט. געגאנגען א פארחלומטע.

— הערט מיך אויס! — האט לינעצקי אין איר אריינגערעדט דורך דעם רויש פון דער גאס — פאלגט מיר! לאמיר בעסער היינט נישט גיין אין טעאטער און איר וועט גלייך זיך צוריקקערן אהיים! זאל אייערס דאס מאל איבערגיין און זאל ער, כארבע, נישט איבערקלערן די נארישע געדאנקען זיינע! און איך וועל אויפהערן צו קומען. נו... איידער אזוי... פארשטייט איר דאך... א היים איז וויכטיקער... שלום־בית... פאמיליען־רו...

סולעמא האט אויסגעהערט, איבערגעלייגט די געדאנקען און אנטשלאסן געענטפערט:

— א, ניין! אהיים וועל איך איצט נישט גיין. כארבע וועט טאקע מעגן מיינען, ווער ווייסט וואס... ער וועט זיך דערפילן ווי דער שטארקער... זיך דערשראקן, וועט ער זאגן... א, ניין! אהיים וועל איך איצט נישט גיין. זאל געשען, וואס עס וויל זיך! זאל ער מיינען, וואס ער וויל! איין מאל פאר אלע מאל דארף די זאך אנדערש ווערן. ער מוז פארשטיין! ער מוז אנדערש ווערן!

לינעצקי איז צוגעשטאנען. איבערגעחזרט. נאכאמאל און ווידעראמאל געבעטן, זי זאל אהיימגיין. נאר זי האט נישט

געוואָלט גיין. געזאָגט: „וועמען ליגט איצט אין זינען טעאַ־טער?". נאָר, כדי זיך נישט אונטערגעבן, פאַרטראַכט ווי צו פאַרטרייבן עטלעכע שעה אין גאַס:

— ווייסט איר גאָר וואָס? — האָט זי פאָרגעשלאָגן לי־נעצקין — לאָמיר זיך גאָר באַקענען מיט אייער מיידל, מיט וועלכן איר פירט זיך אַרום שוין עטלעכע יאָר און קענט נישט אַדורכקומען. איר קענט זי אפשר אָפּרופן? אַנו, טאַ־קע! זאָלן מיר צוזאַמען פאַרברענגען אַ שעה, צוויי, אין גאַס! אפשר אין אַ רעסטאָראַן. אַ פרעמדער מענטש... איר פאַר־שטייט? וועט דער קאָפּ זיך אויסלופטערן...

לינעצקי האָט נישט געוואָלט איינגיין. צוגעשטאַנען, זי זאָל דווקא גיין אַהיים און נישט פאַרשאַרפן נאָכמער דאָס, וואָס איז שוין געווען גענוג פאַרשאַרפט. סולעמאַ האָט אָבער נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן.

— קאַמף איז קאַמף! — האָט זי זיך איינגעשפּאַרט — צוויי יאָר נאָך דער חתונה וועט ער מיך שוין אוועקשטעלן ווי אַ גנבטע? נו, איז גוט. זאָל ער! ע ר וויל זיין שטאַרק, ו ו י ל א י ך א ו י ך זיין שטאַרק!

און, כאָטש לינעצקי האָט זיך געוועהרט, אַפילו ווען ער איז שוין געשטאַנען ביים טעלעפאָן און געקלונגען צו זיין מיידל, מינע, האָט סולעמאַ איר שטאַרקייט פאָרט נישט נאָכגעלאָזן. פאַרקערט, זי איז ערשט איצט געוואָרן פאַר־עקשנט. גראָד אין דעם, וואָס זי האָט פאַרטראַכט, צו באַ־קענען זיך מיט דעם אומבאַקאַנטן מיידל און פאַרברענגען מיט איר, דערשפּירט איר פאַרטיידיקונג. און, נאָך פאַרן באַגעגענען דאָס אומבאַקאַנטע מיידל, דערפילט אַ דערמו־טיקונג און אַ טרייסט.

### צו אַ ציל

זי האָט זיך געדונגען, מינע, ווען איר קומען. דער פאַ־טער האָט איר נישט געלאָזן: געזאָגט, אַז אַזוי שפּעט אין אָוונט גייט נישט אַ מיידל אַליין אין גאַס, צו אַ בחור, מעג דער בחור זיין דער בעסטער באַקאַנטער. עס האָט נישט גע־האָלפן דאָס איבערגעבן, אַז לינעצקי געפינט זיך מיט אַי־רער אַ פריינדין. לסוף איז דער פאָטער איינגעגאַנגען, גע־

לאָזט גיין, נאָר אַליין באַגלייט. געזען, אַז לינעצקי זיצט טאַקע מיט אַ פרוי און זיי וואַרטן, האָט ער זיי באַגריסט פון דער ווייטנס, זיך געזעגנט און אַוועק אַ באַרואיקטער.

מינע האָט אים פאַרענטפערט:

— ניט צו פאַרדענקען. אַ מיידל גייט נישט ביינאַכט אין בוענאָס־איירעס איינע אַליין. און עלטערן זיינען עלטערן. זיי ווילן דען שלעכץ?

סולעמאַ איז געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע, הערנדיק ווי דאָס ניי־באַקאַנטע מיידל זינגט אויס די ווערטער און שפּילט דערביי מיט די אויגן, צעעפנט זיי גרויס און פאַרזשמורעט זיי. סולעמאַן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַפילו ווען זי וואָלט נישט גערעדט, נאָר בלויז אַזוי געשפּילט מיט די אויגן, וואָלט זי אויך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיידל האָט געהאַט צו זאָגן. די אויפרעגונג פון דעם אָוונט איז אין איר שנעל אויסגערונען און דער כעס געוואָרן איינגעלאָשן. אַ גוטסקייט און צופרידנקייט האָט איר גענומען וואַרימען און צערטלען. זי האָט פאַרגעסן אין כאַרכעס צאָרן, געשריי און דראָאונגען פאַר איר אַוועקגיין פון שטוב. פאַרגעסן אין איר צעקאָכטקייט קעגן כאַרכען. די קינדערשע פריילעכקייט אויף מינעס פּנים האָט איר געגלעט, דערנענטערט, צוגעבונדן.

— סעניאָר לינעצקי! — האָט סולעמאַ נישט געקענט זיך איינהאַלטן — איך מוז אייך זאָגן, פריילן... אַנטשולדיקט, פאַר מיינע קאָמפּלימענטן... עטלעכע מינוט ערשט, אַז מיר ריידן... אָבער... ווען איך בין אַ בחור...

— אַזוי? אַזוי געפעל איך אייך? — האָט דאָס מיידל זיך פאַרוואונדערט שמייכלענדיק און גרויס צעעפנט די אויגן, ווי ביי אַ פּופּע, און אירע בעקלעך זיינען געוואָרן פולער און ראָזעווער ווי פריער — סעניאָר לינעצקי, איר הערט?

סולעמאַ האָט אָנגעקוקט מינעס פאַרלוירנקייט, ווי אַ מאַמע וואָס אַנטדעקט צום ערשטן מאָל ביי איר קינד אַ געהיימע ליבע, און געשמייכלט:

— יאָ. דאָס, וואָס איר הערט, סעניאָר לינעצקי! און איר גייט און גייט און ס'נעמט נישט קיין ענדע... ע, לינעצקי, — סולעמאַ האָט קעגן אים אויפגעהויבן אַ פינגער, דראָענדיק און לאַכנדיק — איר זיינט גאָר קיין לייט ניט. אָט זע איך אייערע פּנימער, זע ווי זיי זיינען גאָר־היימיש. אַזוי

קוקן נישט אויף זיך פרעמדע מענטשן... אז מ׳קוקט אזוי, איז מען נישט בלויז באַקאַנטע... איז, אויף וואָס וואַרט איר?

לינעצקי האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו הערן, וואָס אַנדערע וועלן ריידן. געטרונקען און צוגעביסן, פון געגרייטן קאַפע־טיש, אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס דאָס מויל איז ביי אים געווען פול, צוגעברומט און געלאַכט. נישט פון אונטערברומען און נישט פון לאַכן האָט מען געקענט פאַרשטיין, וואָס ער מיינט. אַנשטאָט ענטפערן מיט רייד האָט ער אונטערגערוקט טאָרט אויף טעלערלעך, געוויזן מ׳זאָל טרינקען, צובייסן. זיינע בליקן האָבן זיך געצונדן און ס׳פּנים געגרויטלט. ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט מינעס.

סולעמאַ האָט אָבער געצויגן לינעצקין פאַר דער צונג, נישט געלאָזט אים אָפּקומען מיט שמייכלען און אויגן־רייד.

— וואָס־זשע שווייגט איר? — איז זי אַריין אין דער ראָלע פון אַ שדכנטע — גיט׳ס נאָר אַ קוק ס׳פּיצעלע קינד, וואָס שעמט זיך צו זען! איך פרעג דאָך אייך! אַז מ׳האָט אַזאַ מיידל, וואָס קוקט מיט אַזעלכע פאַרליבטע אויגן...

— ע־פּאַ, ע־פּאַ! — האָט מינע זיך פאַרטיידיקט — צו־פיל, צופיל! סעניאָר לינעצקי קען נאָך מיינען און ווערן ביי זיך גרויס...

— און, אַז ער וועט מיינען? — איז סולעמאַ נישט נתפעל־געוואָרן — איז וואָס, אַז ער וועט מיינען? אַניט וויים ער נישט? און ער אַליין, מיינט איר...

— ששש! — האָט לינעצקי זיך אַריינגעמישט, איינהאַל־טנדיק דאָס לאַכן — זאָגט נישט אויס! אַצינד זע איך, אַז מ׳טאָר אייך קיין סוד ניט אויסזאָגן...

— סוד, שמאָד! — האָט סולעמאַ בראַווירט, זיך דער־שפּירט ווי די שטאַרקע, די הערשערן, און אויסגערופן — וויפל איז דער שיער צו האַלטן סודות? אַ יאָר געגאַנגען? צוויי יאָר געגאַנגען? איז וויפל דער שיער צו פאַרלירן צייט? וואָס, איר קענט זיך נישט פאַרגינען? די געשעפטן גייען ביי אייך שלעכט?

מינע האָט זיך געפילט פאַרלוירן, ווי מ׳וואָלט אויף איר אויסגעטראַכט אַ בילבול און זי וואָלט זיך נישט געקענט פאַרטיידיקן:

— סעניאָרא... וואָס רעדט איר? איך...

— פאַרדאָן! — האָט איר סולעמאַ איבערגעשלאָגן, ווי אַז עלטערע שוועסטער, וועלכע מוסרט אויס אַ ייִנגערע — איר קענט דאָס ניט זאָגן, אָבער איך מעג. איר דאַרפֿט פאַרשטיין, אַז מיט אַזעלכע בחורים, וואָס גייען אַריבער די דרייסיק, קען מען אַנדערש ניט ריידן. זיי ציען און ציען. שלעפּן אָפּ פֿון יאָר צו יאָר. עס נעמט גאָר ביי זיי קיין ענדע ניט! איר זיינט נאָך אַ יונגינקע: וואָס ווייסט איר? אָבער איך, אַז אַלטע באַקאַנטע, נעם זיך דאָס רעכט... אַזעלכע יונגעלייט מוז מען שלעפּן פאַר די אויערן...

סולעמאַ האָט נישט געלאָזט ריידן, נישט מינען און נישט לינעצקין. זי האָט קיינמאָל נישט גערעדט אַזוי פיל, ווי דעם אָוונט.

אַרויסגייענדיק פון קאַפע־הויז, האָבן זיי גענומען אַן אויטאָמאָביל אַהיימצופאָרן. ווען דער קאַטש האָט געריִרט פונם אָרט, האָט סולעמאַ, זיצנדיק אין דער מיט, אָנגענומען מיט איין האַנט לינעצקין פאַרן נאַקן, מיט דער צווייטער מינעס נאַקן, דערנענטערט זייערע קעפּ, צונויפגעפּירט זייערע פּנימער און באַפוילן:

— אַנו, צעקושט אייך!

זיי האָבן איר געפאָלגט. סולעמאַ האָט זיי צוגעוואונטשן מזל־טוב און נאָכאַמאָל געהייסן זיך צעקושן. זיי האָבן ווידער געפאָלגט. און סולעמאַ האָט צוגעדריקט ביידנס קעפּ צו אירע ברוסטן.

## ביי פאַרמאַכטע טירן

נאָכן פאַרקנסן לינעצקין מיט מינען איז סולעמאַ געווען זיכער, אַז כאָטש ווען אַראָפּגיין אַ שטיין פונם האַרצן. עס איז איר דערפאַר געוואָרן גרינגער אויפן געמיט. ווען זי איז אַראָפּ פון קאַטש און דאָס פאָרל האָט איר באַגלייט ביז דער טיר פון הויז און זיך מיט איר ווארים געזעגנט. אָבער, אַריינקומענדיק אין קאָרידאָר פון הויז און גייענדיק צו איר וואוינונג, אין דער פינצטערניש, האָבן אירע פיס זיך גענומען האַמעווען און פּלאָנטערן. די פינצטערניש האָט איר

אויסגעזען פינצטערער ווי אַלעמאָל. איר האַרץ האָט געגור־
מען קלאַפּן האַסטיקער, הייסער, מיט אומרו, מיט שרעק.
צוקומענדיק צו דער טיר און אַריינשטעלנדיק דעם שליסל,
האָט זי געפילט, ווי זי וואָלט אַ גנבטע געווען און זיך גע־
שאַרט ביי אַ פרעמדער טיר. דער שליסל איז נישט אַריין.
זי האָט עטלעכע מאָל געזוכט אַ וועג, נאָר אַלץ אָנגעטראָפן
פאַרמאַכט. דאַן האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אינעווייניק, פון
דער אַנדערער זייט, שטעקט אַ שליסל.

— בכיוון? — איז איר דורכגעלאָפן אין געדאַנק — זאָל
ער האָבן בכיוון אַריינגעשטעלט? זאָל ער נישט וועלן אַריינ־
לאָזן?

די פינצטערניש האָט איר צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. זי
האָט געוואַרט אַ ווײַלע. געוואָלט טראַכטן. נאָר די געדאַנ־
קען זיינען צעפלויגן, ווי פייגל פון אַ געעפנטן שטייגל. זי
האָט נאָכאַמאָל אויסגעפּרואווט דעם שליסל, נאָר אומזיסט.
דאַן האָט זי, אַ שרעקעדיקע, אַ קורצן דריק־געטאָן דאָס
עלעקטרישע קנעפּל. דאָס גלעקל האָט אָפּגעריסן אַ קלונג. זי
האָט געוואַרט, סולעמאַ, עמיץ זאָל קומען. נאָר קיינער איז
נישט געקומען. האָט זי נאָכאַמאָל אָנגעקלונגען, לענגער ווי
פריער. נאָר אין וואוינונג איז ווייטער געלעגן אַ שטילקייט.
האָט סולעמאַ איבערגעקלערט: קלינגען? בלייבן אַזוי שטיין
ביי דער טיר? אָדער גאָר אַוועקגיין? די פינצטערניש און די
שרעק האָבן איר געהאַלטן צוגעשפּאַרט אין ווינקל. זי איז
געווען מיד. געוואַרט, אפשר וועט פאָרט עמיץ זיך אויפ־
כאַפּן און עפענען די טיר. נאָר, אַז קיין ענטפער איז נישט
געקומען, האָט זי צוגעלייגט אַ פינגער צום קנעפּל און גע־
דריקט אָן אויפהער. דאָס גלעקל האָט אין דער שטילקייט
פון דער נאַכט געציטערט מיט זיין דינינקן קולעכל, גערופן
ווי אַ וויינענדיק קינד אין דער וויג, זיך געטראָגן העכער,
טיפער, שטאַרקער. סולעמאַ האָט אַוועקגענומען דעם פינ־
גער ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט דערהערט איילנדיקע טריט,
דריבנע, ווי דאָס לויפן פון אַ צעשראָקענער קאַץ.

דאַן האָט מיט האַסט זיך געעפנט דאָס פענצטערל פון דער
טיר און אַ שטימע, אַ הייזעריקע, האָט מיט כעס אַרויסגע־
שיפּעט, דורך די גראַטן, ווי צו אַן אַרעסטאַנט:

— האָסט נישט וואָס צו קלינגען! קענסט טאָן, וואָס דו

ווילסט!

די ווערטער האָבן סולעמאַן פּריטשמעליעט. זי האָט גע־שטוינט:

— טאַקע פאַרשלאָסן? דו?!

— יאָ, איך! — האָט די שטימע הייזעריק זיך געוואָרגן מיט די ווערטער — אַניט האָסטו ניט געוואוסט, אַז איך פאַרשליס די טיר און אַלץ איז געענדיקט?

סולעמאַן האָט פאַרדריקט ביים הארצן. דאָך האָט זי זיך געשטאַרקט און געזאָגט:

— דערווייל איז די דירה אַזוי מיינע, ווי דיינע... זאָל די דינסט...

— דינסט? נישטאָ מער קיין דינסט!

— ארויסגעטריבן?

— און, אַז ארויסגעטריבן, איז וואָס? — כאָרכע האָט געיאָגט די רייד, ווי זיי וואָלטן אים די צונג געבריט — האָסט איר באַדאַרפט האָבן צו דיינע געשעפטעלעך? צו לי־נעצקין האָסטו נאָך באַדאַרפט האָבן אַ דינסט? דעקן די שמוציקע זאַכעלעך דיינע? נעם זי דיר, דאָרטן! נעם לי־נעצקין! קענסט נעמען, ווען דו ווילסט! צום טייוו...

— וואָס? וואָס?! — זי האָט געקריצט מיט די ציין, ווי זי וואָלט זיך געגרייט אויף אים ארויפצוואַרפן — אַ ז ו י רעדסטו? דאָס רעדט מ י י ן מאַן?

— מאַן? דיין מ אַ ן בין איך געווען? אַן א י ־ ד י אָ ט : דאָס בין איך געווען!

ער האָט געוואָלט צוקלאַפּן דאָס פענצטערל, נאָר זי האָט זיך אַ האַנט אריינגערוקט און נישט געלאָזט.

— כאָרכיטאָ! — זי האָט מיטאַמאָל גענומען בעטן מיט אַ וויינענדיקן קול — פאַרוואָס ביסטו אַזאַ שלעכטער? וואָס האָב איך דיר געטאָן? כ'בין געגאַנגען מיט לינעצקין אין טעאַטער, קענגן דיין ווילן? איז וואָס? אַז דו האָסט נישט ליב מיינע פאַרוויילונגען... אַז דו קענסט נישט די שפּראַך פון מיינע עלטערן... וואָס בין איך שולדיק? גלויב מיר, כאָר־ביטאָ... סעניאָר לינעצקי איז אַזוי גוט צו דיר... פאַרוואָס מיינסטו... אָט איז ער פונקט היינט, סעניאָר לינעצקי, גע־וואָרן אַ חתן... ער האָט מיך באַקענט מיט זיין כלה...

כאָרכע האָט אין דעם מאָמענט מיט פוריע אַ ריס־געטאָן

סולעמאַס פינגער פון די גראַטן, זיי ארויסגעשטופּט און מיט רציחה פאַרקלאַפּט דאַס פענצטערל, אויסשרייענדיק, דאָס מאָל שוין אויף אַ הויכן קול:

— גיי צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט דיין לינעצקין צוזאַמען, דו פאַרשאָלטענע יידישע גאַסנפרוי! די מאַמע מיינע קען אייך גוט, איר, יידישע מאָרדעס!!

און ער איז פאַרשוואונדן אין דער שטילקייט פון די צימערן.

סולעמאַ, מיט גליווער אין האַלדז, ווי מ'וואָלט איר געגעבן מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ, איינגעבויגן און איינגעקאָרטשעט, איז לאַנגזאַם ארויס אויף דער גאַס. דער קערפּער איז איר איצט געווען אַזוי שווער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ראַטעווען און אַנטלויפן, נאָר נישט געקאָנט.

זי האָט מורא־געקראָגן צו שטיין ביים טויער פון הויז, עמיץ זאָל נישט אָנקומען, אָבער נישט געוואוסט, אין וועלכער ריכטונג זיך צו פאַרנעמען. אַלע טירן זיינען געווען פאַרמאַכט.

זי האָט זיך דערמאָנט אין דעם שליסל, וואָס אין האַנט, האָט אים טרויעריק אָנגעקוקט און, פאַרקרימענדיק זיך פון עקל, אים אַוועקגעוואָרפן ווייט פון זיך.



# II

אויף פֿאַרשיידענע וועגן
צעריסענע פעדים
אַ שטוב מיט גלויבן
דער טלית וואָס וואַרט
טאַטע, פֿאַרוואָס?
צוליב אַ טאָפּלטן יום־טוב
וועגן איין טאַטן
אַזוי ווי דער שאָטן
געוואָרן אַן אַנדערער

## אויף פֿאַרשיידענע וועגן

— וואָס קלאַפּסטו, פּעליפּע?

— איך ניט קלאַפּן!

פון דעם הויפֿל האָבן זיך אַריינגעקייקלט שטילע, האַרטע קלעפּעלעך, צונויפגעגאָסן עטלעכע צוזאַמען און באַלד צע־רונען געוואָרן אין ווייטערדיקן קייקלען זיך.

— פּעליפּע! — האָט דאָס מיידל אויסגערופן צעצויגן און אין דעם אויסרופן איז געווען, נישט קיין בייזקייט, נאָר אַ צעטראָגנקייט פון לאַנגווייל, פון וועלן גלאַט אַזוי זיך טשעפּען, כדי צו פאַרטרייבן די צייט — דו קלאַפּסט דאָך. יאָ! איך הער דאָך...

— מאַקאַנאַ!

— אַ מאַקאַנע, זאָגסטו? נישט קיין מאַקאַנע. אַלע האָבן זיך צוגעלייגט, געמאַכט די סיסטעם. אַ יינגל זאָל עס נישט נמאס ווערן...

זי איז געלעגן אויף דר׳ערד, שרה, אויף אַ טוך, איינגע־פּעקלט, צונויפגעקאָרטשעט, אַז די שפּיצן פון אירע צע־יוירענע ברוסטן האָבן באַרירט די קניען, געשמאַרצט, גע־קיצלט און געיאָגט אַ היץ אונטערן האַרצן און אין אַלע גלי־דער. פון לאַנג טראַכטן און נישט קענען זיך דערטראַכטן, געפילט אַ פוילקייט און מידקייט. מיד פון גאָרנישט טאָן. עס האָט איר שוין גענומען פאַרדריסן, פאַרוואָס מען דאַרף נישט גיין צו דער אַרבעט. פריער האָט זי לאַנג געוואַרט אויף די קאַרנאַוואַל־טעג, ווען מ׳וועט נישט דאַרפן גיין אין פאַבריק אַריין און ציילן אומגעדולדיק די שעהן, וואָס דער פאַרשטויבטער זייגער קלאַפּט אויס מיט פוילער לאַנגזאַמ־קייט. אַזוי לאַנג געוואַרט און געציילט די טעג! אָבער, אַז

דער טאָג איז געקומען, פייניקט איר שוין דער ערשטער טאָג. זי ליגט אויף אַ טוך, אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע, און פילט, אַז זי גייט אויס פון די האַרץ־נאָגענישן. אין די ברוסטן ציט, שטעכט און דאָס בלוט האַקט אין קאָפּ, ווי מיט העמערלעך. קאָרטשעט זי זיך נאָכמער צוזאַמען, בייגלט צונויף דעם גוף און איבער איר גאַנצן לייב גייט דורך אַ ציטער. זי שפּירט, אַז ס'איז איר ענג געוואָרן אין האַלדז, שטיקנדיק. די הענט און פיס ווערן איינגענומען פון שלאָף. זי וויל זיך קעגנשטעלן, אויפשפּרינגען פון דער קילער פּאָד־לאָגע, אַראָפּשלעפּן פון דער קאַטרע די שוועסטער, וואָס כראָפּעט און סאָפּעט. כאַפּן זי אין די אָרעמס, זיך צוטו־ליען צו איר, שטאַרק איינקלעמען, צודריקן פעסט־פעסט און אוועקלאָזן זיך אין אַ קאָפּ־שווינדלענדיקן טאַנץ, אַז אַלץ זאָל פאַרטריבן ווערן און אַלץ זאָל פאַרגעסן ווערן. אָבער די שוועסטער שלאָפט פעסט, פריי, זיכער, מיטן פּנים אַרויפ־צו. פעלט שרהן מוט.

— וואָס וועט זי דען זאָגן, רייזל?

און זי ענטפערט זיך אַליין אויף דעם:

— זי, רייזל, וועט איר גוט אויסזידלען און הייסן גיין אין משוגעים־הויז. זי וועט געווים אויך זאָגן, אַז נאָר אַזאַ אַל־טער, מיאוסער און נאַרישער מויד קען איינפאַלן אַזאַ משו־געת...

אַזוי טראַכטנדיק, האָט זי נאָכמער זיך איינגעקאָרטשעט, צונויפגעדרייט, צונויפגעדריקט און אָנגעשטרענגט צו הערן, צי איז מען שוין אויפגעשטאַנען פון שלאָף. אַלע זיינען נאָך געווען אויסגעלייגט, ווער אויף די בעטן, ווער אויף דער קאַטרע און ווער אויף דער פּאָדלאָגע. בלויז פון הויף האָט זיך אַריינגעזעגט אַ כאָרכלען און שאָרכען. צווישן כאָרכלען און שאָרכען האָט דין זיך געקייקלט איין קלעפּעלע נאָכן אַנדערן.

— אַן עקשן דאָס איז... — האָט שרה זיך דערמאָנט — איך בעט אים און ער, אַזוי ווי צו דער וואַנט... ער דאַרף, אַז איך זאָל אים צונעמען די קייקעלעך און אָנפּאַטשן...

— איך פאַר דיר נישט מורא... — האָט דאָס יינגל גע־ענטפערט, ווי צו זיך גערעדט — איך דו ברעכן די קאָפּ...

שרה האָט געהערט, נאָר עס האָט איר נישט פאַרדראָסן.

געווען געוואוינט צו אזעלכע רייד און צו נאָך־ערגערע. וואָס פאַר אַ פּאַראיבל קען מען דאָ האָבן אויף אַ ברודער, וועל־כער רעדט אזעלכע רייד — האָט זי זיך אַליין געענטפערט אין געדאַנק — אַז ס'איז דאָ אַ לאַנד אַזאַ... אַז אַפילו איי־דעלע מענטשן רײדן דאָ נישט־איידעלע ווערטער... פון דעסט־וועגן האָט זי איצט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז ער, דאָס ברודערל, זאָל צו איר אַזוי' ריידן. זי האָט געהאַט צייט. עס איז איר געווען לאַנגווייליק. און דאָס בלוט אין איר האָט האַסטיק געקלאַפּט און אויפגערעגט.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט זי אויסגעשריען — וואָס?

— וואָס איך געוואָלט!

די מויד האָט גיך זיך אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע, ארויסגעלאָפן אין הויף. דאָס יינגל איז נישט אַנטלאָפן, האָט אריינגעשטעלט די הענט אין די קעשענעס און געקוקט אויף דער צעהיצטער מויד. שרה האָט אָנגעכאַפּט דאָס ברודערל פאַר די הענט, צוגעשלעפּט צו דער ליידיקער קאַטרע, אין ווינקל פון הויף, און אונטערוועגס זיך געוואָרגן מיט כעס:

— שוין גיב אָפּ די באַליטעס, שנעלער!

זי האָט אים אַוועקגעלייגט אויפן ברעג פון אויפלייג־בעטל, מיטן גאַנצן קערפּער צו אים זיך צוגעדריקט און מיט די הענט גענומען באַטאַפּן זיינע קעשענעס.

— אַנו, לאָז! די קעשענעס... לאָז ארייִנשטעלן אַ האַנט...

אַצינד האָט די מויד זיך נישט געקאָנט באַהערשן, געצי־טערט און געטרייסלט פון אויפרעגונג.

— וועסט זיין אַ שגץ, האָ? — זי האָט פון אויפגעקאָכט־קייט אַזש געקריצט מיט די ציין — וועסטו האָבן דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן מענטשן פון דיר, האָ? זאָג!

זי האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער און זיך פאַר־בלינעט מיט די ווערטער.

— אַ, דו... איך... וועל... דיר... אָנלערנען... רעספּעקט...

אַלץ מיטאַמאָל האָט זי געוואָלט אויספירן: באַשטראָפן, לערנען דרך־ארץ און מאַכן דאָס ברודערל פאַר אוים שגץ. אירע הענט זיינען אָבער געווען שוואַך, האָבן געציטערט, זיך געפּלאָנטערט, געוואָרן לויז, און דער קערפּער צוגעטו־ליעט צום יינגל. איר פּום האָט זיך אריבערגעוואָרפן איבער

זיינע דריגענדיקע קניען, אירע אָרעמס האָבן אים איינגע־קלעמט, גענומען פּרעסן און דריקן צו די ברייט־אויפגעגאַנ־גענע ברוסטן. מיט הנאהדיקער ווילדקייט געריבן איר פּנים אין זיין פּנים, ווי זי וואָלט אים געוואָלט וואָס־האַרבער באַ־שטראָפן פאַר זיין נישט־פאָלגן. און דערביי זיך געוואָרגן מיט די ווערטער, ווי זי וואָלט גערעדט אין מיטן עסן:

— נו, שטאַר... קער... שטאַרק, האָ? העלד מיינער! וועסט נאָכאַמאָל שעל... טן? האָ? נו, שלאָג מיך... ברעך מיר דעם קאָפּ... נאַ, ברעך...

זי האָט אים אַ ביסעלע אָפּגעלאָזן, ער זאָל קענען אָפּאָטע־מען. דאָס יינגל האָט אָפּגעאָטעמט, געפּרואווט אָנעמען פריי־שע כוחות. נאָר די מויד האָט ווידער גענומען אים פּרעסן און דריקן, נאָך־שטאַרקער און היציקער ווי פריער. דאָס יינגל האָט שווער געסאָפּעט, געפּרואווט זיך אַרויסרייסן, גע־ביסן מיט די ציינער און געדראַפּעט מיט די נעגל.

די מויד האָט זיך גערייצט:

— נו, שעלט!

דאָס יינגל האָט געשוויגן.

— נו, שריי!

דאָס יינגל האָט געשוויגן.

— נו, רוף דעם טאַטן!

דאָס יינגל האָט געשוויגן, פאַרביסן די ליפּן און אַריבער־געטראָגן די שטיקעניש מיט אויסערגעוויינלעכער איינגע־שפּאַרטקייט. ביז עס איז אים געוואָרן ענג אין האַלדז און ער האָט אין גאַנצן זיך אויפגעהערט צו רייסן, בלייבנדיק ווי אַ געליימטער. אַצינד האָט די מויד אים געוואָלט אָפּלאָזן, נאָר געוואָלט עס מאַכן אַזוי, אַז דאָס יינגל זאָל נישט דער־שפּירן איר אָפּגעשוואַכטקייט. האָט זי דאָס ברודערל אויף אַ ווײַלע נאָך־שטאַרקער צוגעפּרעסט צו די ברוסטן און אַ פרעג־געטאָן:

— גיסט זיך אונטער, האָ?

דאָס יינגל איז געלעגן אומבאַוועגלעך, מיט פאַרמאַכטע אויגן. האָט די מויד אַראָפּגענומען די פיס פון זיינע קני, אויפגעהויבן זיך פון דער קאַטרע, אַ צעקנייטשטע, אַ צע־שויבערטע, אַ צעטומלטע, מיט אַן אָפּגעבריטן פּנים און פאַרלאָפענע אויגן.

— איצטער... — זי האָט פונקט ווי זיך פאַרענטפערט — איצטער ווערסטו שוין... שוין וויסן... דרך־ארץ... נישט קיין שגיץ...

דאָס יינגל איז אַ רגע געלעגן ווי פריער, אומבאַוועגלעך. נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך האַסטיק אַ דריי־געטאָן, זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער קאַטרע, אויסגעריבן די פייכטע אויגן, געגומען שטיל שליוכצן און באַלד, אומדערוואַרטעט, ווי ער וואָלט עמיצן געוואָלט איבערשרעקן, געגעבן אַ שריי־אַרויס מיט אַ מוראדיקן קוויטש:

— גראָן פּ...

און נאָכדעם אַ לאַנגע רייע מיאוסע ווערטער און קללות. אַזוי שאַרף אַרויסגעבראַכט די ווערטער, ווי ער וואָלט גע־וואָלט, מ'זאָל זיי גוט דערהערן, גלייך ווי ער וואָלט אין זיי אויסגעדריקט אַלע זיינע טענות, זיין גאַנצן כעס, אַז עס זאָל לייכטער ווערן אויפן הארצן.

דאָס געשריי האָט זיך אַריינגעריסן אין די צימערן און אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע.

— האַ, וואָס איז שוין דאָרטן? — איז דער טאַטע אַרויס־געקומען אַ פאַרשלאָפענער און אַ דערשראָקענער.

— טאַטע! — איז די טאָכטער אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַ געשריי — דו מאַכסט אים צו דעם פּיסק, דעם אַרגען־טינערל דיינעם? אַניט...

דער אַלטער איז צוגעלאָפן צום יינגל, האָט אים אָנגע־כאַפּט פאַר ביידע אַקסלען און גענומען טרייסלען מיט אַלע כוחות.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ווערטער? — האָט זיין קול געציטערט פון אויפרעגונג — וואָס־אַ־אָס?

דאָס יינגל האָט זיך אונטערגעגעבן, געקוקט מיט פאַר־גלעזערטע אויגן דעם טאַטן גלייך אין פּנים אַריין און מיט בייזער קאַלטקייט געענטפערט:

— עס שפּאַניש... אַרכענטינאָ...

— שווייג, ווייל כ'דערהרגע דיך! פון וועמען האָסטו גע־הערט אַזאַ שפּאַניש? פון טאַטן? פון דער מאַמען? פון דער שוועסטער?

דאָס יינגל האָט געשוויגן, זיך געווישט מיטן אַרבל די אויגן, געשליוכצט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, און

זיך צוגעהערט, ווי ער זאָל וועלן זיך באַהערשן, צוזאַמענע־מען. נאָכדעם איז ער אַרויס מיט אַ געשריי און גענומען טור־פען רציחהדיק מיט די פיס:

— מיט אַ נאָוויאָ זי אַזוי דיבערטירן, די דעסגראַסיאַדאַ! מיט אַ נאָוויאָ... ניט מיט איך...

אין ערשטן מאָמענט האָט דער אַלטער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. נאָר באַלד איז ער געקומען צו זיך און אויפ־סניי אים גענומען שלאָגן, שרייענדיק:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך? ווער האָט עס דיך אַזוי אויסגעלערנט? די קאָמפּאַניערעלעך דיינע? איך וועל דיר געבן פאַר אַזאַ ריידן!...

— אי זשאָ וואָי אַ איר!

— וואָס, גיין וועסטו? אויף קוליעס וועסטו ביי מיר גיין... איידער דו זאָלסט אַזוי אויסוואַקסן, ווי די קאָמפּאַ־ניערעלעך דיינע, די אַרגענטינערלעך, וועל איך דיר בעסער די לונגען אונטערהאַקן!

— וואַמאָס אַ ווער!

— שווייג! וואָס איז דאָס פאַר אַן ענטפערן? ער מיינט, ער וועט ביי מיר ווערן אַ פונדיק... נישט דערלעבן וועסטו דאָס!...

נאָר באַלד איז דער אַלטער אַריבער אין אַן אַנדערן טאָן:

— און דאָס — האָט ער געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ צום יינגל צו, באַדויערנדיק — און דאָס וויל ווערן אַ דאָק־טער...

דאָס יינגל איז נישט געוואָרן איינגענומען פון טאַטנס ווייכערן ריידן און האָט ברוגזדיק צוגעוואָרפן:

— קע מ׳אימפּאָרטאַ!

— אַוודאי, „קע מ׳אימפּאָרטאַ״! וואָס אַרט אים? איך אין זיינע יאָרן בין שוין אויסגעריסן געוואָרן... און ער? ער ווייסט דען עפּעס? אַז פריי פון אַליץ, פון אַליץ, פון אַליץ... אין חדר וואָלט ער ביי מיר באַדאַרפט פוילן! אַ רבין מיט אַ גוטן קאַנטשיק... און פוילן, פוילן!!

— איך ניט פוילן...

דער אַלטער האָט אים נאָכאַמאָל באַדויערנדיק אָנגעקוקט, נאָכגעלאָזן און געוואָרן געמיטלעכער:

— נו, נו, זאָל שוין מיינס איבערגיין, און ווייניקער גע־ענטפערט! נעם די תפילין...

דאָס ייִנגל איז אַריין אין די רייד:

— איך ניט וויל פּילי...

— וואָס? פּילי? נישט קיין „פּילי", נאָר תפילין, תפילין, תפילין!! חזר זיך איין!

— איך ניט חזיר!

— נו, ווייניקער גערעדט און געגאַנגען! אַזוי ענטפערט עס אַפּ אַ ייִנגל, וואָס ווערט בר־מצווה?

דאָס ייִנגל האָט ברוגזדיק אַ הייב־געטאָן דעם אַקסל און צוגעוואָרפן:

— איך ניט ווער מיצרע!

— גיטל, הערסט, גיטל? — האָט דער טאַטע אויסגערופן מיט אַ געבראָכענעם קול — זעסט, וואָס מיר האָבן דער־לעבט? הערסט אַ ייִדיש ריידן? די קינדער פאַרשטייען שוין נישט, וואָס טאַטע־מאַמע רעדט צו זיי! „מיצרע" הייסט דאָס ביי אים! און ער וויל נישט ווערן „מיצרע"... פאַרטיק! ווייטער פון די צוועלף יאָר וויל ער נישט גיין...

דער אַלטער האָט הילפלאָז אויפגעהויבן די הענט איבערן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געוואָנדן צו גאָט נאָך הילף און, אַוועקגייענדיק אין אַ צימער, פאַרענדיקט דעם אונטעררייד מיט אַ געבעט:

— גיטל, רייד דו מיט אים, גיטל! איך האָב צו אים נישט קיין כוח. און, אַז איך זאָל דאַרפן מיט אים ווייטער ריידן, וועט ער ביי מיר מיאוס אָפּשניידן...

— וואָס גיטלסטו? — האָט פון צווייטן צימער אומגע־דולדיק זיך אָפּגערופן אַ קול — שטעל זיך פאָר, אַז גיטל איז שוין אויף דער וועלט נישטאָ...

— איך וויל זיך דאָס נישט פאָרשטעלן... — האָט דער אַלטער זיך פאַרענטפערט — איז וואָס קומט מיר פאַר דעם? איך מיין, אַז דו וועסט ביי אים גיכער אויספירן.

— אַז אַך־און־ווי צו די יאָרן! דו ביסט דאָך אַ טאַטע!

— און וואו שטייט עס געשריבן, אַז איך דאַרף אַלץ? דו ביסט דאָך עפּעס אַ מאַמע!

— פּעליפּע! — האָט די מאַמע זיך געוואָנדן צום ייִנגל און אין איר ווענדונג איז געווען מער אומבאַהאָלפנקייט ווי

געבעט — גיי, פעליפּע, וואו דער טאַטע שיקט דיך... גיי אין חדר... נאָר אויף אויסלערנען זיך לייגן תפילין...

— אי פּאַרא קע? — איז דאָס יינגל אויפגעשפּרונגען מיט א געבייזער.

— קינדעלע מיינס — האָט די מאַמע געגעבן צו פאַר־שטיין — ווייל דו ביסט א ייד!

— און טאַטע א ייד?

— פאַרשטייט זיך, אז דער טאַטע איז א ייד!

— טאָ פאַרבאָס ער ניט האָבן פילי? פאַרבאָס ער ניט לערנט?

— נו, נו, נאַרעלע, פרעג נישט!

און דאָ האָט די אַלטע א רייד־געטאָן צום מאַן אויף פאַר־שטעלטן לשון:

— נו, זעליג, טי סליבאַל קשיות? נו, קענסט אים נותנען א תשובה?

און צום זונדל האָט זי געזאָגט, שוין א ביסל נאָכגעביקער:

— דער טאַטע קען שוין! דאַרפסטו אויך זיך אויסלער־נען. בלויז א פּאָר וואָכן... אזוי, ווייסטו דאָך, האָב איך דיר נישט געהייסן גיין אין חדר... ס'איז טאַקע שווער... אין דער שפּאַנישער שול, שפּילן פידל... האָב איך דיר אַליין געזאָגט: „אויב ס'איז דיר שווער, טאָ גיי נישט אין חדר". אָבער, איצטער...

דאָס יינגל האָט אויסגעהערט און אָפּגעענטפערט ווי פריער:

— איך ניט ביל חדר!

— אָבער, אז דער טאַטע וויל?

— טאַטע ביל, קען טאַטע גיין אין עסקועלאַ רוסאַ, בען ער ביל... דער טאַטע א רוסאָ, פערגאָ איך אַרכענטינאָ...

די מאַמע האָט מיט אַלע כוחות זיך איינגעהאַלטן, נישט אויסצוברעכן מיט א כעס. עס האָט מיט איר געטרייסלט, ווי זי וואָלט געפאָרן אין א וואָגן אויף גרויסע אָנגעוואָרפע־נע שטיינער. זי האָט שווער אָפּגעזיפצט און געזאָגט כמעט־רואיק:

— געדענק, פעליפּע! איך וועל דיר נישט געבן אויפן סי־נע, אויב דו וועסט נישט גיין אין חדר. געדענק, עס וועט דיר פאַרדריסן... נישטאָ מער קיין סינע!

דאָס ייִנגל האָט אַ ווײַלע נאָכגעקלערט און געוואָרן ווײַ־בער.

— מיר געבן דאָ... — האָט ער זיך גענומען אויסביטן ווי אַ סוחר — מיר געבן אין האַנט און איך גיי אין חדר...

די אַלטע האָט אַרויסגענומען אַ מטבע, אַ וואָרף־געטאָן, אַרויסגעבראַכט פֿון שטוב די תּפֿילין און זיי אונטערגע־טראָגן:

— נאַ, נאַ, אַבי פֿון דײַנע פּטור־ווערן!

דאָס ייִנגל איז אַוועק ביז צו דער טיר און זיך אומגעקערט.

— און טשאָקאָלאַטינעס?

די אַלטע האָט אַ זוך־געטאָן אין די קעשענעס און אַרויס־גענומען נאָך אַ מטבע.

— נאַ!

און, אַרײַנשטופּנדיק אומגעדולדיק אין האַנט אַרײַן די מטבע, האָט זי אים אַרויסגעשטופּט אויף דער אַנדערער זײַט שוועל.

— גיי אין דר'ערד אַרײַן, אַבי מ'זאָל דײַנע שוואַרצע פּטור ווערן!

אין שטוב איז געוואָרן שטיל. אין וואַש־שטיבל, בײַם שפּיגל, איז געשטאַנען שׂרה און אַרומגעפּירט טונקעלע ליכ־טעלעך אַרום די ברעמען און אויף די ליפּן. די טיר פֿון וואַש־שטיבל איז געווען אָפֿן. איז די מאַמע פֿאַרבײַגעגאַנגען, פּונקט ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט אָדער באַדאַרפֿט אָפּטאָן. עטלעכע מאָל אַזוי. יעדעס מאָל, צוקומענדיק צו דער טיר, אַ קוק־געטאָן צו דער מויד, ווי זי שוואַרצט אָפּ די ברעמען און קאַמט אויס יעדע איינע באַזונדער, אַז מען זאָל לײַכט איבערציילן, וויפֿל ברעמען עס זײַנען בײַ איר דאָ אַרום־און־אַרום. די אַלטע איז אַוועק, שאָקלענדיק פֿאַרדראָסיק מיטן קאָפּ, באַלד ווידער געקומען, געזוכט עפּעס און אַ קוק־געטאָן צו דער מוידס ליפּן, וואָס זײַנען געווען באַדעקט מיט פֿעטער רויטקייט, ווי ס'וואָלט בלוט פֿון זיי גערונען, און זיך קיין אָרט נישט געקענט געפֿינען. אַוועק, געלאָזן אַ זיפֿץ און באַלד ווידער געקומען. אַצינד האָט זי מער נישט גע־זוכט, נאָר גלײַך אַרײַנגעקוקט דער טאָכטער אין פּנים, פֿון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעשריען די שמירעכצן.

— נו, — די אַלטע האָט מער נישט געקענט אויסהאַל־

טן —, זאָל שוין זיין אויף היינט געגוג! שוין אַ גאַנצע פאַר־באַרניע אויף דיין פּנים! פּע, ס'כאַפּט אָן אַ ניט־גוטקייט!

די אַלטע האָט אויסגעשפּיגן, ווי אויף צו באַווייזן, אַז עס כאַפּט טאַקע אָן אַ נישט־גוטקייט, און איז אַרייַן אין שטוב.

איצטער האָט די מויד גענומען ווייסן דאָס פּנים, מיט דעם ווייכן זאַמש געריבן די הויט און יעדע ווייַלע באַשאָטן מיט פּודער. די לינקע באַק איז אָבער אַלץ געבליבן באַ־דעקט מיט צעגליטער רויטקייט, צעקנייטשט און איינגעצוי־גן, מיט געלע לאַטקעס און צעריבענע לעבעלעך. פּודער האָט זיך אַריינגעשאָטן אין די לעבעלעך, נאָר פון דעסטוועגן האָט די אָפּגעבריטע רויטקייט זיך נישט געלאָזן אָפּווייסן און איז עקשנותדיק אַרויסגעקראָכן פון אונטערן מעל. דאָס האָט שרהן פאַרדראָסן. האָט זי אַלץ־שטאַרקער געריבן די הויט מיטן זאַמש און, כּדי די אַרבעט זאָל אָנקומען לייכטער, גע־נומען זינגען, פריער אונטער דער נאָז, נאָכדעם העכער און העכער.

— וואָס האָסטו זיך דאָרטן אַזוי צעזונגען? — האָט פון צימער זיך דערהערט דער שוועסטערס פאַרדראָסיקע שטימע — ביסט דאָך נישט אַליין אין שטוב!

— איך צאָל אַזוי דירה־געלט ווי דו! — האָט די עלטערע ברייטלעך אָפּגעענטפערט און צוגעגעבן — זי לייענט שוין, די פילאָזאָפקע...

— און דו פּודערסט זיך שוין...

— און דו וועסט באַלד פאַרפאַלן ווערן, ווייס איך וואו, אין אַ שמיבליאָטעק...

— אַלץ שענער ווי שטיין אַ גאַנצן אָוונט פאַרן טויער און קוקן אויף די קאָמפּאַדרעס...

— פון דעם קאָן מען האָבן מער ווי פון די ביכלעך!

— פון דעסטוועגן ביסטו שוין די פיס זיך אָפּגעשטאַנען און...

די עלטערע איז געוואָרן אָנגעצונדן און אויסגעשריען:

— זאָלסט שווייגן, זאָג איך דיר!

די קלענערע איז אַנטשוויגן געוואָרן.

טאַטע־מאַמע זיינען אַרויסגעקומען, געוואָרפן אַ קרעכץ צו דעם צימער צו, אַ זיפץ צום וואַש־שטיבל און געשאָקלט מיט די קעפּ שטום. די אַלטע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אַ ווייַלע

זיך געשלאָגן מיט דער דעה און לסוף צוגעגאַנגען צום צי־מער, וואו ס'איז געלעגן אויף דער קאַטרע די קלענערע טאָכ־טער.

— עטל! — האָט זי זיך אָפּגערופן — לייג שוין אַוועק די ביכלעך און גיי דאָרטן אויפראַמען אין קיך!

דאָס מיידל האָט אָפּגעענטפערט אומגעדולדיק:

— מאַמע, לאָז מיך איצטער אָפּ מיטן ראַמען!

נאָר די מאַמע האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן און זיך גע־דונגען:

— די ביכלעך וועלן דאָך נישט אַנטלויפן!

דאָס מיידל האָט נישט געוואַרט און שלאָגנדיק אָפּגע־ענטפערט:

— און די טעפּלעך וועלן אויך נישט אַנטלויפן!

די אַלטע האָט אויפגעהויבן די הענט און זיי אַראָפּגעלאָ־זן, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט באַווייזן, אַז אַלץ גייט צו־גרונט, אַז מיט די קינדער איז גאָרנישט וואָס צו מאַכן.

— זעליג! — דאָס האָט זי דעם מאַן גערופן — זעליג, גיי דו אַרויס צו זיי! איך האָב צו זיי נישט קיין כוח... זע־ליג, גיי דו...

— וואָס „זעליגסטו"?

— דו ביסט דאָך אַ טאַטע!

— נו, און דו וואו ביסטו? דו ביסט דאָך עפּעס אַ מאַמע!

— און וואו שטייט עס געשריבן, אַז אַ מאַמע דאַרף אַלץ?

— און וואו שטייט געשריבן, אַז אַ טאַטע דאַרף אַלץ?

— דאָס אויך נישט?

— און דו?

— און וואָס וועסטו טאָן?

זיי האָבן זיך נאָך געאַמפּערט, אָבער ס'איז זיי גיך נמאס געוואָרן. האָט איינער דעם אַנדערן גענומען פאַרשווייגן.

אַן אומרואיקע שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט.

ווי שאָטנס האָבן מאַן־און־ווייב זיך געשאַרט איבערן הויפּל און געשוויגן. געקוקט מיט פּייכטע אויגן אין אַלע ווינקלען און געשוויגן. געפילט, אַז פון אומעטום יאָגט אַ קעלט. אַז אַלץ איז אַ נאָענט, אַ פרעמד. זיינען זיי געגאַנ־גען באַזונדער, זיך געשאַרט ביי די ווענט, ווי פאַרשעמטע קינדער. יעדער איז אין זיך געווען פאַרטראַכט, אָבער יעדער

האָט געטראַכט, נישט פון זיך, נאָר פון אַנדערן. און נישט־וויסנדיק, נישט־אָפּגערעדטערהייט, האָבן זיי ביידע געטראַכט וועגן די זעלביקע זאַכן, ווי אָפּגערעדטערהייט צוזאַמען אויפֿגעהויבן די אויגן און אין יעדן האָט זיך געקאָרטשעט דער זעלביקער ווייטיק און געשטיקט דער זעלביקער זיפֿץ.

פּלוצים האָט די טיר זיך געעפֿנט מיט אַ טראַסק. עס איז אַריין דאָס יינגל. מיט דעם זעלביקן טראַסק, מיט וועלכן ער האָט די טיר געעפֿנט, האָט ער די טיר חוצפּהדיק פֿאַרקלאַפּט.

מאַן־און־ווייב האָבן געשוויגן און זיך אָפּגעשטעלט ביי צוויי ווינקלען. שטייענדיק אין די ווינקלען, האָבן זיי באַטראַכט די קינדער. אין זייערע אויגן זיינען אַרומגעלאָפֿן געדאַנקען, פֿון אָנהייב קלאָרע און פֿאַרשטענדלעכע, נאָכדעם פֿאַרפּלאָנטערטע און קאָפּ־שווינדלענדיקע.

...אָט האַלטן די קינדער פֿאַרפּלאָכטן די הענט אַרום די העלדזער... האַלדזן שטייף־שטייף, אַז עס פֿעלט אויס אָטעם. ווילן זיי זיך באַפֿרייען אַ ביסעלע. ווילן זיי לויזער מאַכן די הענט. קאָן מען נישט. פּעסט ווי רינגען זיינען די הענט. טאַקע רינגען? אפשר... ווילן זיי אַ פּרואוו־טאָן. נעמען זיי רייסן. נאָר זיי באַווייזן נאָך נישט צוזאַמענצונעמען כּוח, אַז די רינגען ליגן שוין אויף דר׳ערד, ליגן צעבראָכענע און צעקרישלטע... שוואַכע רינגען געווען... זיי בויגן זיך אַראָפּ און זעען: אַלטע, זשאַווערדיקע רינגען... בלויז אין דער הייך פּאָלירט, אָפּגעפֿאַרבט, מיט אַ ליכטיקן גלאַנץ, אויף דעם צעפֿרעסענעם זשאַווער... ליגן איצט די רינגען אויף דר׳ערד, צעבראָכענע און צעקרישלטע...

מאַן־און־ווייב האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן. האָבן זיך פֿאַרשטאַנען. ביידנס אויגן האָבן געגלאַנצט מיט וואַרימער, ליכטיקער פֿייכטקייט.

---

שרה איז איינע אַליין געווען אין שטוב. די נאַכט איז שוין לאַנג צוגעפֿאַלן און קיינער איז נאָך נישט געקומען. עס האָט איר דערעסן צו ליגן און קאַטשען זיך אויפֿן געלעגער פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער. האָט אין זיך געפֿילט אַ שווערקייט. דאָס בלוט אין איר האָט נישט אויפֿ־

געהערט צו זידן. זי איז געלעגן ביי דער וואנט מיט דער באק צוגעלענט צום קאלך. דאָס האָט איר א ביסל געקילט און געמאַכט פארגעסן. עס איז איר אָבער שוין געווען צו־לאנג־ווייליק. זי האָט געטראַכט עפּעס צו טאָן, צו פארטרייבן די צייט. זי האָט געוואָלט עמיצן אריינרופן, עס זאָל היימלע־כער ווערן. די שכנים זיינען אָבער נישט געווען איר גלייכנס.

זי איז אויפגעשפּרונגען. אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. זי האָט עפּעס צוגעטראַכט.

זי איז אראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, צוגעשפּרונגען צום טישל, וואו דער גראמאָפאָן איז געשטאַנען, און ארויפגע־לייגט א פּלאַט. עס האָט גענומען וואָרטשען און באַלד גע־לאָזט הערן דאָס כאָרכלען פון א טאַנגאָ.

שרהס פּנים איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. זי האָט אראָפּ־גענומען פון בעט א קישעלע, עס ארייננגענומען אין די אָרעמס און אָנגעהייבן זיך דרייען אין א טאַנץ. דער גראַ־מאָפאָן האָט געכאָרכלט און די מויד האָט געטאַנצט, זיך געשאַרט ארום טיש און יעדע ווייל זיך אָפּגעקלאַפּט די זייטן. דאָס כריפּענדיקע געזאַנג איז אויסגעגאַנגען. איז די מויד געבליבן שטיין. קעגן שפּיגל איז זי געשטאַנען, מיטן קישעלע צו די ברוסטן צוגעדריקט. זי האָט אין שפּיגל א קוק־געטאָן אויף זיך, אויף דעם קישעלע און ס'האָט איר גע־נומען פרעסן ביים הארצן. אָט אזוי וואָלט זי געוואָלט שטיין, דריקן צו זיך א מאַן, און דער מאַן זאָל אומברחמנותדיק אין איר זיך איינעסן. אָט אזוי, אזוי ווי זי עסט זיך דאָס איין אין דעם ווייכן, ווייסן קישעלע, בייסט מיט די ציין און דריקט צו פעסטער צו אירע אויפגעגאַנגענע ברוסטן — — —

פּלוצים האָט עפּעס א קראַץ־געטאָן אין טיר. דער מויד איז א ציטער אדורך איבערן לייב. זי איז שיער פון די פיס געפאַלן. זי האָט געשיקט און נערוועז א שליידער־געטאָן דאָס קישעלע אויף דעם בעט און איז ארויסגעגאַנגען אין הויף.

עס איז געקומען דער שכן. ער האָט זיך אייליק געגריסט און גענומען שטייגן אויף די אייזערנע טרעפּלעך, וואָס צום אויבער־שטיבל. ער האָט גאָרנישט געמערקט, אז די מויד איז פאַר אים געשטאַנען מיט א בריוו אין האַנט. ערשט,

ווען ער האָט זיך שוין געפונען אין דער הייך, האָט ער גע־וואָרפן אַ בליק אויף אַרונטער.

— פאַר מיר?

— איר זעט דאָך! איך האַלט אים ספּעציעל פאַר אייך!

דער בחור איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּלעך. נאָר, ווען ער איז שוין געווען אונטן, האָט שרה אַריינגעלייגט דעם בריוו צו זיך אין קלייד־קעשענע און גענומען זיך רייצן:

— אוודאי פון אייער כלה...

— ס׳קען זיין.

— זי שיקט אייך דאָ געוויס אַ סך קושן...

— ווי פאַרשטייט איר?

דער בחור האָט אַרויסגעלאָזט אַ ברייטן צופרידענעם שמייכל.

— איך פאַרשטיי נישט. — דאָס מיידל האָט זיך געמיט צו פאַרלענגערן דעם שמועס און צוגעגעבן — ווי קום איך צו פאַרשטיין?

דער בחור האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אומגעדולדיק:

— ווייזט־זשע דעם בריוו!

— דעם בריוו? — האָט שרה איבערגעפרעגט — גוט, אָבער וואָס וועט מיר פון דעם אַרויסקומען?

— אַ דאַנק.

— צו־ווייניק!

— נו, סעניאָריטאַ סאַראַ! — איז דער בחור געוואָרן גע־אײַלט — ווייזט מיר דעם בריוו!

שרה האָט גענומען דעם בריוו אין האַנט אַריין און אים געוויזן דעם בחור.

— איר האָט געבעטן ווייזן, ווייז איך אייך...

— ניין, איך מיין: גיט מיר דעם בריוו! וואָס פאַר אַ שלעכטע איר זיינט!

— איך בין נישט קיין שלעכטע... איר זיינט אַ שלעכ־טער... — די מויד איז אַריינגעפאַלן אין אַ קאַפּריזעווען זיך — אַ שלעכטער איר זיינט... אַלע קושן גיט איר בלויז אייער כלה...

— נו, פאַרטיק. וועל איך אייך אויך געבן אַ קוש, אַבי גיט מיר דעם בריוו! איר ווילט?

די מויד איז געוואָרן געפּלעפּט. זי האָט דערשפּירט, אַז

זי ווייסט נישט, וואָס מיט איר טוט זיך, און זיך אַ וואַקל־געטאָן. איז שיער נישט געפאַלן. אין פּנים איז איר אָנגע־לאָפן אַ שטראָם בלוט און געמאַכט נאָך־צונטערדיקער די בראַנדיקע באַק. נישט־ווילנדיק און נישט־וויסנדיק, האָט זי געמאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק און זיך אָנגעלענט ביי דער וואַנט. די הענט אירע האָבן זיך אויסגעשטרעקט, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו נעמען עמיצן אין די אָרעמס. די פינגער זיינען געוואָרן מאַכטלאָז און האָבן זיך צעעפנט. דער בריוו איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר׳ערד.

דער בחור איז צוגעשפּרונגען צום מיידל, האָט אָנגעכאַפּט פאַר די אָרעמס און צוגעפירט צו אַ שטול. ער איז אַריינ־געלאָפן אין קיך, האָט געבראַכט וואַסער און געגעבן דעם מיידל טרינקען.

— וואָס מאַכט איר? — האָט ער געפרעגט אַן איבערגע־שראָקענער.

— גוט. ס׳איז מיר גאָרנישט... אַ נאַרישקייט...

דער בחור האָט אויפגעהויבן דעם בריוו און אַרויף צו זיך אין שטיבל, שנעל איבערגעלייענט און באַלד אַראָפּגע־לאָפן פון די טרעפּלעך.

שרה איז ווידער געבליבן איינע אַליין. אַ ווייל איז זי געזעסן רואיק. נאָר, ווען זי האָט דערהערט, ווי דעם בחורס טריט ווערן צערונען אין דער טיפקייט פון קאָרידאָר, איז זי גיך אויפגעשטאַנען און זיך אַרויפגעכאַפּט אין אויבערשטן צימערל.

אויפן טישל, אין בחורס צימערל, איז געלעגן אַ צעעפנ־טער און צעקנייטשטער בריוו. זי האָט אים אַ נעם־געטאָן, דעם בריוו, און גענומען ארומשמעקן. עס האָט איר זיך אויסגעוויזן, אַז דער בריוו אָטעמט מיט אַ שמעקעדיקן ריח.

זי האָט איבערגעלייענט די ערשטע שורות:

— „ליבינקער, הארציקער חלום מיינער! איך זע דיך צווישן די קווייטן פון אונדזער גאָרטן...“

זי האָט מער נישט געקאָנט לייענען. די אויגן זיינען ביי איר פאַרצויגן געוואָרן מיט טרערן. זי איז געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט ביים אייזערנעם אַנלען און אַראָפּגעשלונגען גרויסע, הייסע טרערן. ווי שפּילקעס האָבן איר געשטאָכן אין מוח די אומפאַרשטענדלעך־קלינגענדיקע ווערטער:

— „ליבינקער, האַרציקער חלום מײַנער! איך זע דיך צווי־שן די קוויטן פון אונדזער גאָרטן..."

נאָך פּלוצלינג זײַנען איבערגעשלאָגן געוואָרן די פרעמדע ווערטער. אין טיר האָט זשאַווערדיק אַ קראַץ־געטאָן אַ שליסל.

שרה איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, בעת טאַטע־מאַמע זײַנען אַרײַן אין שטוב. זיי האָבן דערזען, די טאַטע־מאַמע, ווי די טאָכטער גליטשט זיך אַראָפּ פון די שטיגן אַ פאַר־ווײַנטע און צעפּלאָנטע.

מאַן־און־ווײַב האָבן זיך איבערגעקוקט. דאָס האַרץ איז אין זיי אײַנגעפאַלן. זיי האָבן קוים אָנגעקליבן מוט און גע־פרעגט, ציטערנדיקע און צעשראָקענע:

— רובינשטיין איז דאָ אין דער הייך?

דאָס מיידל האָט נישט געענטפערט.

— רובינשטיין? — האָט דער אַלטער אַ רוף געטאָן, ווי ער וואָלט זיכער געווען, אַז דאָרטן, אין יענעם צימערל, שטעקט דער גאַנצער סוד.

נאָר קיינער האָט נישט געענטפערט.

זײַנען טאַטע־מאַמע צוגעשטאַנען צו דער טאָכטער:

— אַן אומגליק? זאָג, טאָכטער!

שרה האָט געשוויגן.

— קינד אונדזערס, שעם זיך נישט! — האָבן טאַטע־מאַ־מע אָנגעהויבן בעטן — פאַר טאַטע־מאַמע איז נישטאָ זיך וואָס צו שעמען... אַן אומגליק?

שרה האָט געשוויגן.

אַלע דרײַ האָבן זיך אָנגעקוקט.

דאָס מיידל האָט די עלטערן דורכגעדרונגען מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און זיך געביסן די ליפּן אויף אײַנצוהאַלטן די אָנגעלאָפענע טרערן. נאָר פּלוצים האָט בײַ איר זיך אַרויסגעריסן אַ הילכיקער יאָמער.

טאַטע־מאַמע האָבן געקוקט אויף דער טאָכטער, דערנאָך זיך באַגעגנט מיט די בליקן און געמיינט, אַז זיי שטויסן זיך אָן, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען.

שכנים זײַנען זיך צונויפגעלאָפן. זיי האָט זיך אויסגע־וויזן — האָבן זיי געזאָגט — אַז עמיצער איז געשטאָרבן.

# צעריסענע פעדים

שמחה איז געשטאַנען ביי דער טאַפּעטירטער וואַנט און זיינע ליפּן האָבן סודותדיק געפּליסטערט. ער האָט געהאַלטן די פּיס גלייך געשלאָסן, ווי אַ זעלנער אויף אַ באַפעל, און זיינע אויגן זיינען געווען פעסט צוגעקוועטשט, ווי זיי וואָל־טן געוואָלט אויסמיידן צו זען דאָס, וואָס אַרום זיי קומט פאָר, און טיפער אַריינקוקן אין זיך. דער גוף האָט זיך אַ וויג־געטאָן, אויסגעבויגן זיך אין אַ האַלבער לבנה און אַזוי איז ער געבליבן אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך. דערנאָך האָבן די ליפּן זיך צעשאָקלט מיט היץ און גיכקייט און, ווי צעשראָ־קענע פייגל, זיינען פון זיי אַרויסגעלאָפן אָפּגעריסענע קלאַנ־גען און צעפּיצלטע ווערטער.

ווען ער האָט זיך אויפסניי אויסגעגלייכט, האָט ער גע־עפנט די אויגן, פאַרזשמורעט, און געזען ווי די זין און די טעכטער זיינען געווען אויסגעזעצט אַרום טיש מיט די טע־וועלעך און נומערירטע פּעסעלעך.

שמחהס פּנים האָט זיך ווייטיקלעך פאַרקרימט:

— אַ, נו, נו!

די קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט, אָנגעקוקט דעם טאַ־טן, וואָס הייבט משונהדיק מיט די אַקסלען און מאַכט גימ־נאַסטיק מיט די הענט, און עטלעכע מאָל זיך איבערגעוואונ־קען און זיך צעשמייכלט:

— דער טאַטע מיט זיין פרומקייט...

שמחהן האָט געשטשיפּעט ביים הארצן, פון קרענקונג. האָט ער אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט און גענומען שאָק־לען מיטן קאָפּ, ווי מ'שאָקלט מיטן קאָפּ אויף אַ מענטשן, וואָס איז נידעריק געזונקען:

— אַ־אַ־אַ!

דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבערן הויף, געוואָרפן בייזע בליקן אין צימער אריין, צום טיש צו, און געשוויגן. אַלע אין אים איז איינגעשרומפּן געוואָרן און פאַרשטאַרקט דעם ווייטיק אין קאָפּ, אין הארצן, אין גאַנצן גוף און דערמאָנט אין דער עלטער, וואָס בייגט צו דער ערד, ווי אַ ריזיקע לאַסט, יווירט, זעצט זיך אַראָפּ אינעווייניק, ווי אַ בלייאיקע משא, און באַשווערט יעדן גאַנג און יעדן געדאַנק.

פון דעסטוועגן האָט ער זיך נישט געקענט באַרואיקן, הלמאַי די קינדער הערן אים נישט, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ מענטש פון דער גאַס, אין גאַנצן אַן איבעריקער און אַן אָנגעוואָרפענער.

— קינדער... — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט געצווימטער געלאַסנקייט — פאַרוואָס זאָלט איר אום שבת? מ׳שטיינס געזאָגט, וויפל ס׳פעלט נאָך... טוט מיר אַ טובה!

ער איז געווען אמת־צופרידן, וואָס ער האָט זיך געקאָנט אַזוי באַהערשן און איז נישט געגאַנגען מיט כוח, ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

— אַז דאָ — האָט ער אין זיך געטראַכט — איז אַן אַנדער לאַנד, מ׳דאַרף זיך אויפסניי לערנען צו זיין אַ טאַטע... דאָ איז אַמעריקע...

ער האָט אָבער אפילו מיט די גוטע ווערטער נישט געפועלט. די קינדער האָבן אים געענטפערט פעסטנדיק זיך, ווי אַ געצערטלט בן־יחידל, וואָס ווייסט, אַז וואָס ער זאָל זאָגן, וועט ער אַרויס אומבאַשטראָפט:

— טאַטע מיינט, אַז ס׳איז אונדזער שטעטל, די שול פון אונדזער שטעטל, דער שבת פון אונדזער שטעטל... דאָ איז אַמעריקע, טאַטע!

שמחה האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער איז געוואָרן בלייך און בלוי און צעטומלט. ער האָט צעעפנט דאָס מויל און עס פאַרגעסן צו פאַרמאַכן. אַלע כוחות האָבן אים מיטאַמאָל פאַרלאָזן. די ווערטער — האָט זיך אים געדאַכט — זיינען פון אַ רבנן־קדיש נאָך אים, שמחהן, און זיין גאַנצן שכל, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין די לאַנגע אויסגעווייטיקטע יאָרן פון זיין לעבן.

— דאָ איז אַמעריקע... זיינען זיי, די קינדער, די חכמים... דאָ איז זיין חכמה קיין חכמה נישט...

— טאַטע! — האָבן די קינדער זיך אָפּגערופֿן און אַ לייי־דיק געלעכטער האָט באַגלייט זייערע רייד — דער טאַטע גלייכט א ו י ך צו די באָרד...

ווי אַ שווערער שטיין, האָבן שמחהן אַ זעץ־געטאָן די לעצטע ווערטער אין קאָפּ. זיי, די אייגענע קינדער, זאָלן אים אַזעלכעס זאָגן? זיי? יאָ, ער טוט עס. ער גלייכט צו די באָרד. האָט מען דאָך פֿון אים געלאַכט, ווען ער האָט געלאָזט הפקרדיק וואַקסן די שפּיצן פֿון דער באָרד... אָבער, אַז די קינדער זיינען זאָלן אים דאָס זאָגן און פֿאָרוואַרפֿן, אים, שמחהן, דאָס האָט ער זיך גאָרנישט פֿאָרגעשטעלט.

אַ גליק, וואָס די מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט:

— שאַ, פֿאַרמאַכט די פּיסקעס!

און ס'איז גלייך שטיל געוואָרן. מ'האָט בלויז געהערט אַ שטיל אויסרופֿן נומער נאָך נומער, אַ טאַשן פֿון טעוועלעך און אַ וואַרפֿן מטבעות.

נאָר אין שמחהן האָט דאָס בלוט זיך נישט געקאָנט איינ־שטילן.

— צו וואָס האָט ער דאָ באַדאַרפֿט קומען? — האָט אין אים זיך אויפֿגעוועקט אַן אַלטער געדאַנק — בעסער באַ־דאַרפֿט דאָרטן בלייבן. וואָלט ער יאָ געהאָרעוועט אויף די עלטערע יאָרן און ניט געוואוינט אין טאַפּעטירטע צימערן... וואָלט ער געוועזן ביי זיך באַלעבאָס און געשטאָרבן ביי זיך אין שטוב, ביי זיך אין שטעטל, נעבן דער אייגענער שול, ערב אַן אַלטן, ליבן שבת...

שמחה האָט זיך נישט געקענט באַרואיקן און איינעמען די געדאַנקען. אויך דער שלאָף האָט זיי נישט געקענט איינע־מען. און ער האָט די גאַנצע נאַכט געפֿילט, ווי די פֿאַרבלו־טיקטע מחשבות גליווערן אין אים, זעצן זיך אַראָפּ טיף־טיף און רייסן זיין נשמה אויף שטיקער.

---

די מאַמע האָט פֿאַרגנבעטערהייט געקוקט פֿון דער זייט אויפֿן זון און געזוכט אַ פּאַסיקע מינוט. דער זון האָט אָפּ־

געגעסן, גענומען מיט א שטעכערל גראבלען צווישן די ציי־
נער און אונטערגעזונגען א ניגונדל. דעמאָלט האָט זי זיך
דערוועגט צו פרעגן:

— דודל, האָסט היינטיקע וואָך טאַקע גאָרנישט קאָוו־
דירט?

דער זון האָט איבערגעריסן דאָס זינגען און אָנגעקוקט די
מאַמע א פאַרוואונדערטער.

— האָסט טאַקע גאָרנישט קאָווירט? — האָט די מאַמע
פאַרזיכטיק איבערגעחזרט די פראַגע.

— כ'האָב אויסגעגעבן. — האָט דער זון געענטפערט אָפּ־
געהאַקט — כ'האָב באַדאַרפט.

— וואָס הייסט? — האָט די מאַמע נישט אָפּגעלאָזט —
יענע וואָך האָסטו געגעבן נישט מער ווי...

— מאַכסט מיר שוין דעם חשבון?! — איז דער זון
אַריינגעשפּרונגען אין די רייד און אויסגעגלאָצט א פּאָר
אויגן.

— יאָ, כ'מאַך א חשבון... כ ' מ ו ז מאַכן א חשבון...
דירה־געלט... עסן... מיינסט, אַז איך האָב א באַנק?

דער זון איז אויפגעשפּרונגען, מיט כעס געגעבן א וואָרף
די שטול, אַז דער טיש האָט זיך א טרייסל־געטאָן און א
גלאָז איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר'ערד, און אַרויסגעיאָגט איין
וואָרט נאָכן אַנדערן:

— כ'האָב נישט געגעבן, נישט געוואָלט געבן, וויל נישט
געבן און וועל נישט געבן! וואָס פאַר א געבער בין איך
דאָס? גענוג!! פופציק פּעזעס א חודש וועל איך געבן. ווילט
איר, איז גוט! ווילט איר נישט, נעם איך שוין די זאַכן און
גיי מיר! שוין די זאַכן...

דער אַלטער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין א זייט,
געוואָלט זיין אַן עדות פון שמועס און, אַז מ'וועט דאַרפן,
אויך נישט פעלן מיט א וואָרט.

איצטער, ווען דער זון איז געלאָפן אין צימער נאָך די
זאַכן, האָבן אין שמחהן גענומען ציטערן אַלע גלידער. די
באַקן, באַגאָסענע מיט בלויע פלעקן, זיינען נאָך טיפער איינ־
געפאַלן אין מוילקאַסטן און די ציינער האָבן זיך צעשפּילט,
ווי שטעקעלעך אין די הענט פון א פּייקלער.

— אזעלכע יאָרן האָט ער דערלעבט, שמחה, אַז אַ ייִנגל, אַ סטאָליערל, זיינס אַ זינדל, זאָל אים זאָגן אַזעלכע דיבור־רים!... און וואָס וועט ער טאָן מאָרגן, אַז ער, דאָס ייִנגל זיינס, וועט אים זאָגן: „ווילסט, טאַטע, צוואַנציק פּעזעס אַ חודש? איז גוט! אַניט, נעם איך שוין די זאַכן..."

האָט אים, שמחהן, זיך געוואָלט אַ נעם־טאָן דעם שפּיי־זער זיינעם פאַרן האַלדז, געדיכט אַריינשפּייען אים גלייך אונטערן ציינגל און אים אַרויסוואַרפן הינטער דער טיר:

— „כ'האָב דיך אין דר'ערד און גיי אין דר'ערד אַריין"!

ער, שמחה, האָט מיט אַ וועלט געמאַכט מסחרים, אַ שטעטל מפרנס געווען, און איצט... איצט איז ער אַ גאָר־נישט מיט אַ נישט, טאַר זיינעם אַ ייִנגל, אַ סטאָליערל, ניט זאָגן קיין העכער וואָרט, מחמת די הענט ציטערן שוין ביי אים און דער גוף ציט זיך נאָכאַנאַנד צום בעט...

— דוד! — האָט ער דערפאַר אויסגערופן און די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך ביי אים איבערגעקערט — איך וויל, דו זאָלסט...

ער האָט מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט. ער האָט מיט אַלע כוחות זיך איינגעהאַלטן. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען די גאַנ־צע שטוב, ווי אַ פרעמדע. די ווענט, די בעטן, דער טיש, דער אָנצוג, דאָס ברויט — אַלץ האָט אים געהאַלטן אין איין דערמאָנען, אַז ס'איז פרעמדס...

האָט ער אין זיך אַליין דערשטיקט דעם געשריי און גע־זאָגט מיט אַ געפּלאַצטער, נידערגעשלאָגענער שטימע:

— מאַך נישט קיין קונצן, דוד, און טו נישט אָן דער מאַ־מען קיין עגמת־נפש!

די אַלטע האָט מיט אָנגעלאָפענע אויגן אַ קוק־געטאָן אויף שמחהס בלויע באַקן און ציטערדיקער באָרד, אייליק זיך אַרויסגעשאַרט פון דער פאַטיע און באַלד האָט פון דערביי־איקן צימער זיך דערהערט אַ צעריסן שליוכצען, פאַרטויבט, צווישן קישנס.

---

ביים ערשטן זונען־שפּראָץ האָט שמחה זיך אָוועקגעזעצט

אויף דער שוועל פון שלאָפצימער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי־נע אויגן־דעקלעך נישט געקאָנט זיך צוקלעפּן. אין האַרצן האָט אים פאַרפעלט אָטעם און אין האַלדז האָט געוואָרגן ביז צום וויינען.

האָט ער געבראַכט אַ תהילימל און זיך פאַרגאַנגען אין אַ געפּליסטער. פון זיין מויל האָבן זיך אַרויסגעגליטשט צע־שטיקלטע, אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

אין די ביינער האָט געדונען מידקייט און גליווער. די ביינער האָבן זיך געבויגן, געקאַרטשעט דאָס לייב און צו דער ערד געצויגן. אין מוח האָט שפּיזלדיק געשטאָכן. די געהירן־קישקעלעך האָבן זיך געקנייטשט, געוויקלט און צו־נויפגעקנאָדערט.

שמחה האָט אוועקגעלייגט דאָס ספרל און געפּרואווט זיך דורכגיין. נאָר די פיס האָבן נישט געוואָלט האַלטן אין גלייכ־געוויכט דעם צעהוויקערטן גוף. ער איז קוים צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אַרויסגענומען דאָס פּעקל טעוועלעך, דאָס זעקע־לע נומערירטע פּעסעלעך און לאַנגזאַם גענומען ציען פון לייוונטענעם זעקעלע אַ נומער נאָך אַ נומער, שעפּטשענ־דיק צו זיך אַליין צעריסענע ווערטער, האַלבע, נישט־פאַר־ענדיקטע. עס איז אים באַלד נמאס געוואָרן און האָט צע־וואָרפן די טעוועלעך איבערן טיש.

— בע־ע, ביי וואָס מענטשן פאַרלירן דאָס שעהן און טעג!...

ער האָט דאָס געזאָגט העכער, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַר די ווענט אַראָפּריידן זיך פון האַרצן, אַז זיי זאָלן אים אויס־הערן און קענען פאַרשטיין. ער האָט געשפּירט, ווי ער וואַקלט זיך אויפן בענקל און דער צעהויקערטער גוף קען זיך נישט איינהאַלטן אין גלייכגעוויכט. איז דעם אַלטן אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק, אַז עמיצער גייט אַרום אים און שניידט אי־בער די פעדים, צו וועלכע ער איז געווען צוגעבונדן אַ לאַנג לעבן און וועלכע האָבן אים אַלעמאָל געהאַלטן אין גלייכגע־וויכט.

# אַ שטוב מיט גלויבן

— און אפשר וועט איר פּאָרט גיין מיט מיר? — האָט אידלסאָן נאָכאמאָל זיך אָנגעפרעגט ביי די קינדער זיינע, שוין שטייענדיק ביי דער טיר — וואָס, ס׳וועט אייך שאַדטן, אַז איר וועט ימים־נוראים זיך אריינכאַפּן אין שול אריין? ס׳וועט אייך עפּעס אָפּקומען?

די זין, פּאַרטאָן אין די צייטונגען, האָבן זיך נישט אָפּ־גערופן. גלייך ווי ניט צו זיי וואָלט ער גערעדט. באָריס, דער עלטערער, האָט נערוועז אַ וואָרף־געטאָן אַ פוס אויף דער אַנדערער קני און זי צעוויגט. אידלסאָן האָט אָנגעקוקט די צעוויגטע פוס און געגומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— שוין... אין כעס... דאָס דם האָט זיך אין אים צע־קאָכט... נאָר ווי ס׳וואָלט געווען אַ גוי...

באָריס, אָנשטאָט ענטפערן מיט ווערטער, האָט צעוויגט אויך דעם קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס. עס האָט אויס־געזען, ווי שפּרוזשינעס וואָלטן אויף אים געווען אָנגעצוי־גן און אים געדרייט. דעם טאַטנס ריידן האָט אים אָבער אויפגעטראָגן און נישט געלאָזט מער איינזיצן. איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט און צוגעלאָפן צום פענצטער. און, שטייענדיק אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע, צוגעוואָרפן דעם טאַטן:

— צי מיך נישט פאַר דער צונג, טאַטע, אויב דו ווילסט נישט, אַז איך זאָל דיר זאָגן אזוינס, וואָס וועט דיר גאָר־ניט שמעקן! רוף נישט אַרויס דעם וואָלף!

— עט־עט־עט! — האָט אידלסאָן געגומען חוזק — וואָס דו קענסט מיר שוין זאָגן! קאַרל מאַרקס איז אפשר אויפ־געשטאַנען פון קבר און געזאָגט אַ ניי, קלוג וואָרט? האַ?

— געפעלט דיר נישט?

— אוודאי שטייט מיר נישט אָן! אוודאי וואָלט איך בע־סער געוואָלט, זאָלסט זיין אַ ייד, ווי דער טאַטע דיינער, ווי דער זיידע דיינער איז געווען!

— און דו, טאַטע? — האָט באָרים קעגנגערעדט נערוועז

— דו ביסט יאָ אַזאַ ייד, ווי דער טאַטע דיינער, דיר צו לאַנגע יאָר, איז געווען? היטסט אָפּ שבת? האָלסט נישט פּסח אָפּן דאָס געשעפט? און מאָרגן, ראש־השנה, איידער דו וועסט גיין אין שול, וועסטו נישט אונטערשרייבן די טשעקן, וואָס דו וועסט דאַרפן צאָלן?

אידלסאָן איז צוגעגאַנגען צום טיש, האָט אַ פּאַטש־גע־טאָן מיט דער האַנט און אויסגעשריען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ריידן צו אַ טאַטן? ביי וועמען האָסטו זיך אויסגעלערנט אַזוי צו ריידן? איך האָב דיר אַזוי אויסגעלערנט?

באָרים האָט זיך אויסגעדרייט און מוטיק זיך אַוועקגע־שטעלט קעגן פאָטער, אויסשטרעקנדיק זיך:

— אהאַ! נו, דו זעסט, ווי דו קענסט נישט פאַרטראָגן, אַז איך זאָג דיר דעם אמת!

— אַזוי רעדט מען אָבער ניט צו אַ טאַטן! — האָט אי־דלסאָן געקלאַפּט אין טיש — מ׳דאַרף הערן וואָס מ׳רעדט. פאַר וועמען שרייב איך דען שבת אונטער אַ טשעק? נישט, אַז איר זאָלט קענען האָבן אַלץ, וואָס איר דאַרפט? פאַר מיינעטוועגן וואָלט איך דען שבת נישט געקענט האַלטן גע־שלאָסן דאָס געשעפט? נייןּ? און וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט גיין ימים־נוראים אין שול אַריין? אַ מענטש טאָר ניט זיין ווי אַ בהמה! ער דאַרף וויסן, אַז ס׳איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און פאַראַן עפּעס שענערס, העכערס, בע־סערס פון דעם, וואָס מ׳זעט אויף דער פינצטערער, זינדי־קער ערד! אָן דעם איז דאָס לעבן קיין לעבן נישט! מ׳דאַרף גלייבן! אַ גאָט דאַרף מען האָבן, אַ גאָט!

דער עלטערער זון האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן און רואיק אויסגעהערט. נאָר, אַז די רייד האָבן אויפגעהערט, האָט ער מיט דער זעלביקער רואיקייט געענטפערט:

— און איך האָב אויך אַ גאָט!... איך האָב אויך אַ גלוי־בן!

— אַ גאָט? — אידלסאָנס פּנים האָט זיך פאַרקרימט — אַ גלויבן? און דו שעמסט זיך נישט דאָס אָנצורופן „גאָט"? יענע יינגלעך אפשר? די רויטע פאָן אפשר? די מי־טינגען דײַנע? אַז אַך־און־ווײ איז צו דײַן גלויבן, אויב דאָס איז דײַן גאָט!

— אנו, טאַטע, — האָט באָרים געשמייכלט און נאָך־גע־לאָסענער געזאָגט —, דו זעסט, ווי דו קענסט נישט פאַר־טראָגן, טאָמער טראַכט אַן אַנדערער נישט אַזוי ווי דו?! און נאָכדעם פרעגסטו נאָך, בײַ וועמען איך האָב זיך אָפּגע־לערנט אַזוי אין כעס צו ווערן...

— אוודאי, — האָט אידלסאָן זיך געשטילט, אָנקוקנ־דיק מטושטש די שטוב, ווי ער וואָלט זי געזען צום ערשטן מאָל — מ'קען פון געדולד ארוים, הערנדיק אַזעלכע רייד... איינער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין מיטינגען, אין דער רויטער פאָן, און מיינט, אַז דאָס איז אַלץ... דער צווייטער מיינט, אַז ארץ־ישראל איז אַלצדינג און דאָס אַנדערע טויג אויפן פּײַער... אָט, גיט אויף אים אַ קוק, ווי ער לאַכט עס פון מיר מיט אַ טייוולשן שמייכעלע, דער ברודערל דײַנער!...

— איך לאַך גאָרנישט. — האָט שמשון זיך אָפּגערופן נאָך אַ לאַנגן שווייגן — דיר דאַכט זיך נאָר אוים, אַז די גאַנצע וועלט לאַכט פון דיר. דאָס איז דערפאַר, ווייל דו קענסט נישט פאַרשטיין, אַז מיר גלייבן פונקט אַזוי ווי דו, נאָר אונדזער גאָט איז ערגעץ־אַנדערש וואו...

— אהאַ, כ'פאַרשטיי דאָך שוין: ארץ־ישראל!...

— נו, און אַז ארץ־ישראל, איז וואָס? זאָל יעדער גלייבן אין וואָס אים געפעלט! ער זאָל נאָר גלייבן, אַז דאָס ברענגט גליק פאַר דער וועלט!!

— מילא, — האָט באָרים זיך ארייננגעמישט אין ברו־דערס רייד —, זײַן ארץ־ישראל בין איך אים מוחל... נאָר זאָגן זאָגט ער, ווי איך וואָלט געזאָגט... יעדער גלויבן איז גוט, אויב עס מאַכט נאָר גוט דעם מענטשן. ס'איז נאָר גע־ווענדט, צי עס מאַכט גוט...

אידלסאָן האָט בײַ די ווערטער דערפילט, ווי די קינדער וואָלטן אים נאָענטער געוואָרן און צו אים זיך צוגעטוליעט.

## דער טלית וואָס וואַרט

ביי משהן אין שטוב ליגט דער טלית באַהאַלטן טיף אין דער שאַפע. שוין יאָרן אַזוי. משה אַליין ווייסט נישט דער־פון. דערפאַר וואונדערט ער זיך, ווען ער קומט אַהיים און טרעפט אים אויסגעהאַנגען צום לופטערן.

— כ'האָב גאָרנישט געוואוסט, — זאָגט ער —, אַז דו האָסט נאָך דעם טלית...

ענטפערט ס'ווייב:

— אַ מתנה... דו ווייסט דאָך, אַז איך היט אָפּ אַלע חתו־נה־מתנות...

משה דרייט זיך אַרום איבערן צימער און כאַפּט אַלע ווײַלע אַ קוק צום טלית.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, דאָרע? — רופט ער זיך לסוף אָפּ — כ'ווייס נישט... נאָר, אַז איך דערזע דעם טלית, גיט מיר אַ ריס אין האַרצן...

— וואָס עפּעס?

— איך דאַרף דיר זאָגן? דו ווייסט עס פּונקט אַזוי ווי איך. ווען נישט דער געדאַנק, אַז איך וועל אַ מאָל שטאַרבן, וואָלסטו דען באַהאַלטן דעם טלית? צו וואָס דאַרף איך אים?

— גיי, גיי, רייד נישט קיין נאַרישקייטן!

— נאַרישקייטן, זאָגסטו? אַניט ווייס איך נישט, אַז דיר קומט עס אויך אויפן זינען?

— באַ, אויפן זינען! אַ מענטש לעבט דאָך נישט אייביק! איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועלן מיר אַלע ליגן...

— ביסט אַ קינד, דאָרע! אַניט האָב איך מורא פאַרן טויט?

— איז וואָס?

— דאָס איז עס! פאַרן טויט האָב איך נישט קיין מורא,

נאָר... פאַרשטייסט? פאַרגרייטן זיך מיט תכריכים וואָלט איך זיך נישט פאַרגרייט... נאָך דערצו דאָס האַלטן אין שטוב...

— פע, ניט שיין אַזוי צו ריידן! — מאַכט דאָס ווייב צו קליינגעלט, כאָטש זי ווערט אַליין פון די רייד צערודערט — ביסט טאַקע נישט קיין פרומער, באַנוצסט טאַקע נישט דעם טלית, נאָר אַזוי ריידן פּאַסט נישט פאַר אַ יידן. פע, מעגסט זיך שעמען!

— שעמען אין שעמען! — פאַרענדיקט משה און גייט אַוועק אין אַן אַנדער צימער.

באַלד קומען אָבער די קינדער. לויפן אַריין אין שטוב מיט הויך־קלינגענדיקע רייד, מיט אַ שמחה. און, אַז זיי דערזעען אויסגעשפּרייט איבער בענקלעך דאָס געלע זיידנס מיט די שמאָלע און ברייטע בלויע פּאַסן, ווערט נאָך־גרעסער זייער שמחה. נעמען זיי אָן די ציצית, די קונציק־אויסגעוויקלטע און געקניפּטע פעדים, גלעטן, שפּרינגען אונטער און פרעגן פאַרחידושטע:

— וואָס איז דאָס, מאַמאַ?

ענטפערט דאָרע וואָס און ווערמענס דאָס איז.

— אַ, פאַראַיאָרן דאָס אויך געזען... — דערמאָנען זיך די קינדער — מאַמאַ געמאַכט ריין... אין דאָס מען דאַוונט אין טעמפּלאָ... אַליין געזען... אויף די אַקסלען אַלע פּאַ־פּאַס... דער קאַנטאָר זינגט און אַלע פּאַפּאַס מאַכן אין דעם „מו־מו־מו־מו־מו"...

— יאָ, קינדער. — באַשטעטיקט די מאַמע — יידן טוען עס יעדן טאָג.

— יעדן טאָג? — וואונדערן זיך די קינדער — איך דעם פּאַפּאַ קיינמאָל ניט געזען... דער פּאַפּאַ נישט אַ ייד?

— שטיל! — רופט אויס דאָרע און גיט אַ טופּע מיט דער פּוס — הערט אויף צו ריידן נאַרישקייטן! גיט זיך בעסער אַ וואַש־אַרום, וועלן מיר גיין עסן!

די קינדער, דערהערנדיק ס'געשריי, לאָזן זיך שרעקעדיק צו דער טיר און קוקן זיך אום, ווי זיי וואָלטן דער מאַמען אַנגעטראָטן אויף אַ הינער־אויג.

## טאַטע, פאַרוואָס?

דאָס ייִנגל האָט פאַרגנבעטערהייט אַריבערגעקוקט אין פענצטער פון דער קעגנאיבערדיקער וואוינונג, זיך געהייבן אויפן בענקל, אויף די שפּיץ פינגער, און געקוקט מיט אַנטציקטע אויגן.

דער טיש, וואָס איז אַלעמאָל געשטאַנען אין מיטן צימער, איז איצט געווען צוגערוקט צום בעט. אויפן בעט זיינען קישנס געשטאַנען, פּוכקע, אָנגעבלאָזן, אָנגעלענט ביי דער וואַנט, הינטער די פּלייצעס פון די מאַנסבילן. דער טיש, מיט ווייסן טישטוך, איז געווען כמעט פאַרדעקט מיט געפעס, געשיר, וויין און עסן. און אויפן בעט, אויבנאָן טיש, האָט אַן אַלטער, מיט אַן אָפּגעווייסטן קאָפּ האָר, מסתמא אַ זיידע, געפירט דעם טיש, אַרויסגערעדט יעדע ווייַלע פון בלעטלעך, אין וועלכע ער האָט אַריינגעקוקט, און אַלע האָבן אים געפאָלגט. און די פרויען האָבן שטיל און מיט רעספּעקט געקוקט אין זיין ריידנדיקן מויל אַריין.

— מאַמאַ, מאַמאַ! — האָט דאָס ייִנגל געפּליסטערט — קום דאָ... זע, ווי שיין...

די מאַמע איז צוגעגאַנגען, פון אַ ווינקל אַריבערגעקוקט צום פענצטער, אַז מען זאָל זי נישט דערזען קעגנאיבער, און שטיל געענטפערט:

— יאָ, שיין.

— וואָס איז דאָס?

— יום־טוב. היינט איז יום־טוב, מיין קינד. פּסח. דער יום־טוב הייסט פּסח. אַזאַ יום־טוב ביי ייִדן.

— וואָס זאָגסטו? אַזאַ יאָנטעוו ביי ייִדן? פּייַצאַך... און ביי אונז פאַרוואָס נישט פּייַצאַך?

— ווייל דיין פּאָפּאַ איז נישט פרום.
— וואָס? וואָס, פּאָפּאַ?
— פּאָפּאַ נישט קיין פרומער. ער פּראַוועט נישט קיין סדר.
— ציידער? וואָס איז ציידער?
— דאָס, וואָס דו זעסט קעגנאיבער, הייסט אַ סדר.
— און פאַרוואָס פּאָפּאַ נישט מאַכט אַ ציידער? ער נישט אַ ייד?
— פאַרשטייסט נאָך נישט, מיין קינד.
— מאַמאַ...
— דיין זיידע — האָט די מאַמע אַריינגעשעפּטשעט דעם קינד ווי אַ סוד — מאַכט אויך אַזוי אַ סדר אין פּוילן.
— טאַקע? ווי שיין! זיידע מאַכט אַ ציידער אויך אַזוי שיין?
— אַוודאי.
— און פּאָפּאַ? פאַרוואָס פּאָפּאַ נישט מאַכט אַ ציידער? ס'איז דאָך אַזאַ שיינע זאַך!
— אוי, אַז דו פאַרשטייסט ניט. לאָז מיך אָפּ! איך ווייס נישט.
— דו ניש ווייס? ווען דו נישט ווייס, ווער ווייס?
— פּאָפּאַ. גיי, פרעג ביים פּאָפּאַ!
— אַ שלעכטער פּאָפּאַ! — האָט דאָס קינד אויסגערופן און מיט פאַרדראָס אַוועקגעלאָפן צום טאַטן זיך פרעגן.
ווען טאַטאַ איז אַריין אין צווייטן צימער, איז אַדאָלפאַ געזעסן ביים טיש, פאַרטאָן אין פּאַפּירן, האָט גערעכנט, געציילט און פאַרצייכנט.
— פּאָפּאַ! — האָט דאָס קינד אים איבערגעשלאָגן — פאַרוואָס דו, פּאָפּאַ, נישט מאַכן אַ ציידער?
אַדאָלפאַ האָט נישט פאַרשטאַנען און געפרעגט, פאַרזעצנדיק זיין רעכענען און פאַרצייכענען:
— וואָס? ווער האָט דיך מיטאַמאָל געשיקט פרעגן?
— פּאָפּאַ! — האָט דאָס קינד ווידעראַמאָל אויסגערופן מיט פאַראיבל — דו נישט אַ ייד, וואָס דו נישט מאַכן אַ ציידער? פאַרוואָס דער זיידע יאָ מאַכן אַ ציידער און דו נישט?
אַדאָלפאַ איז געווען פאַרוואונדערט, האָט אויסגעדרייט

דעם קאָפּ, אָנגעקוקט דאָס ברוגזדיקע פּנימל פון קינד, זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער זיך מיט אים איצטער פאַרנעמען אָדער ניין, און לסוף איז אים לייכט אָפּגעשטופּט פון זיך:

— שפּעטער, שפּעטער, טאַטאַ... לאָז מיך איצטער צו־רו! דו זעסט דאָך, אַז פּאַפּאַ איז פאַרנומען...

דאָס קינד האָט אָבער נישט געוואָלט נאָכלאָזן און ווי־דער צוגעשטאַנען:

— פּאַפּאַ, פּאַפּאַ... דו אַ גוטער פּאַפּאַ... קום זען, פּאַפּאַ!

דאָס קינד האָט אָנגענומען דעם טאַטן פאַרן אַרבל און געשלעפּט.

נישט קענענדיק זיך מער אַרויסדרייען און ניט וועלנדיק אָנשרייען אויפן קינד, האָט אַדאָלפאָ איבערגעלאָזט די פּאַ־פּירן און בלייפעדער און אַוועק אין צווייטן צימער.

טאַטאַ איז גיך אַרויפגעקראָכן אויפן בענקל, וואָס ביים פענצטער, און געזאָגט ווי אַ סוד:

— זע, פּאַפּאַ, ווי שיין... פאַרוואָס פּאַפּאַ נישט מאַכן אַ ציידער?

אַדאָלפאָ האָט געקוקט דורכן ווינקל פון פענצטער און פאַרגעסן, אַז ער האָט קיין צייט נישט און איילט זיך. ער האָט אויפגעהערט זיך איילן און איינגענורעט פעסטער דעם קאָפּ אין ווינקל פון פענצטער־ראַם, דריקנדיק מיטן שטערן די שויב.

— פּאַפּאַ! — האָט דאָס קינד געוועקט פון שטילשווייגן — פאַרוואָס דו נישט מאַכן אַ ציידער?

אַדאָלפאָ האָט געשוויגן.

— פּאַפּאַ! — איז דאָס יינגל צוגעשטאַנען — זאָג מיר, זאָג!

אַדאָלפאָ האָט געקוקט, זיך צוגעהערט צום ברומען, וואָס איז אַריבערגעקומען פון קעגנאיבער, און געשוויגן.

— פּאַפּאַ! — האָט טאַטאַ נישט אָפּגעלאָזן — פאַרוואָס דו מיר ניט זאָגן? אַזוי שיין...

— זיי רואיק! — האָט דער פאָטער אָפּגעענטפערט — איך האָב דיך ליב...

דאָס יינגל האָט דערמיט זיך ניט באַנוגנט און פאַרגעזעצט:

— פּאַפּאַ! מאַמע זאָגט, יידן מאַכן אַ ציידער הײַנט... און דו, פּאַפּאַ, ניט אַ ייִד?

אַדאָלפאָ האָט אַראָפּגעלאָזט אָנגעצונדענע אויגן צום קינדס אויגן און, צולייגנדיק זײַנע ליפּן צום קינדס שטערנדל, אָפּגעגעבן מיט עטלעכע שווער־דריקנדיקע קושן.

— טייער קינד מײַנס... — האָט ער געשעפּטשעט — דו ביסט אַזוי קלוג, אַזוי קלוג... אַלץ ווילסטו וויסן, אַלץ... נו, וועסט וויסן, וועסט אַלץ וויסן... נאָר שפּעטער... נאָך צו־פרי, שוין אַלץ וויסן... נאָך צו־פרי, מײַן קינד...

אין דעם קינדס אויגן האָט דעם פאָטערס געזיכט אויסגעזען טרויעריק און פאַרטרערט; האָט עס נישט געוואָלט מער אים פאַרשאַפן עגמת־נפש און געלאָזט רואיק זיך פאַרטראַכטן.



# צוליב אַ טאָפּלטן יום-טוב

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט אייזיק זיך געפונען אין אַזאַ פאַרלעגנהייט. צום ערשטן מאָל האָט ער אַזוי פּיינלעך דערפילט דעם יאָך פון חתונה. אַ צוזאַמענשטויס איז גע־ווען אומפאַרמיידלעך. אָדער פאָלגן איר, אַניטאַן, אָדער גיין צו די חברים און ווײַ־טאָן דער יונגער פרוי, וועלכע האָט סאַמעטענע אָרעמס און קען פאַרשיכורן מיט אירע שוואַרץ־בליצנדיקע אויגן. וואָס־זשע טאָן?

אין שטוב זיצן אַניטאַס עלטערן. דער טאַטע מיט דער קורץ־געשאָרענער גרויליכער באָרד און שטרענגן געזיכט שווײַגט. זײַן האַנט איז אָנגעלענט אויפן טיש און די פינ־גער פּייקלען אומרואיק אויפן ווײַסן טישטוך. ער הערט זיך צו, ווי די אַלטע דערציילט וועגן דער באַלעבאַטישקייט, וועגן פסח, פּייקלט מיט די פינגער און קוקט נאָכאַנאַנד צום סופית צו, גלײַך ווי ער וואָלט דאָרטן דערזען אַ שפּאָגל־נײַע זאַך.

— חיים־יוסף! וואָס קוקסטו עפּעס אַזוי צום סופית? — רופט זיך אָפּ ס׳ווײַב, חידושנדיק זיך אויפן מאַן, וואָס ער האַלט דעם קאָפּ פאַריסן צו איין פּינטל — וואָס האָסטו עס דאָרטן דערזען אַזוינס?

דער אַלטער גיט אַ ציטער. ער האָט בלויז די לעצטע ווערטער דערהערט און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. ער האָט בעסער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטול, אַרויסגעלאָזט אַ שטיל, ווייך, אײַנגעהאַלטן זיפצעלע, שווער אָפּגעאָטעמט און, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט, געזאָגט איין וואָרט בלויז, איבערחזרנדיק עס עטלעכע מאָל:

— אַזוי, אַזוי... אַזוי, אַזוי...

און עס האָט אויסגעזען, ווי אין דעם איינעם וואָרט זאָל ליגן אַן אויספירלעכער ענטפער. די אַלטע האָט אויפן מאַן געגעבן אַ קוק און באַמערקט, אַז זיינע אויגן זיינען קיילעכ־דיקער ווי שטענדיק און עס דרייט זיך אין זיי אַ פייכקייט. האָט זי מער נישט געפרעגט.

אַניטאַ איז געזעסן צווישן טאַטע־מאַמע און נישט פאַר־שטאַנען, וואָס איז עפּעס די מאַמע פּלוצים געוואָרן פאַר־שטילט און פאַרמרהשחורהט.

— וואָס איז, מאַמע?

און, ניט באַקומענדיק קיין ענטפער, געפּרואוווט צעטרייבן די אומעטיקייט:

— איך וועל באַלד סערווירן טיי. איין מינוט!

די אַלטע האָט איבערגעריסן דער טאָכטערסריידן, נישט געלאָזט פאַרענדיקן און זיך אויפהייבן פון אָרט:

— חנהלע!

— וואָס, מאַמאַ?

— אומזיסט דיין גרייטן! דער טאַטע וועט סיי ווי נישט פאַרזוכן.

— אָבער נאָר טיי! אַ פּערא, אַ מאַנסאַנאַ... וואָס איז דאָס אַזוינס קאָנטראַ פּסח?! אַ טיי אויך חמץ?

— רייד שוין נישט קיין נאַרישקייטן! — האָט דער טאַ־טע זיך נישט געקענט מער איינהאַלטן — וואָס דערציילסטו אונדז שמייסאַך־פּסח, שמאָמעץ־חמץ?! וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? ווייסטו נישט, אַז מיר וועלן היינט נישט טרינקען דיין טיי, נישט עסן דיינע עפּל און דיינע באַרן?! כ'באַ־דאַרף עס דיר נאָך זאָגן? אַז איר זיינט גויים! ס'איז דען ביי אייך דאָ אַ שבת, אַ יום־טוב, אַ גאָט אין האַרצן?

דער אַלטער איז געוואָרן אויפגערעגט. ס'ווייב האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן און באַרואיקט:

— נו, שוין, זאָל שוין זיין שטיל! ס'וועט דען עפּעס העל־פן דיין ריידן, דו, נאַרישער ייד?

אַניטאַ איז געשטאַנען אַ צעטומלטע און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זי האָט געפילט, ווי דער טאַטע וואָלט איר אָנגעפּאַטשט.

די עלטערן זיינען אַוועק. די מאַמע האָט ביים אוועקגיין נאָכאַמאָל אָנגעזאָגט:

— גערענק, טאַכטער, מיר וואַרטן מיטן עסן אויף דיר מיט אייזיקן. ס'איז די לעצטע נאַכט פון פסח.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אייזיק.

— הערסט, טאַכטער? — האָט די שוויגער איבערגע־חזרט, אַז ער, אייזיק, זאָל הערן.

אייזיק האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, ענטפערן, אָבער אַניטאַ האָט נישט געלאָזן:

— מיר'ן זיין! — האָט זי נאָכגעשריען — מיר'ן זיין, מיר'ן זיין!

— איך קען אָבער נישט. — האָט אייזיק זיך אָפּגערופן, ווען די עלטערן זיינען שוין געווען אויף יענער זייט שוועל — איך מוז זיין אויפן באַנקעט. ס'איז דאָך אַ גרויסער סאָ־ציאַליסטישער יום־טוב און איך, דער סעקרעטאַר פון צענ־טער... ווי קען איך פעלן?

— וועסטו דאָס מאָל פעלן! — האָט די פרוי נישט גע־לאָזט צו זיך ריידן — היינט וועסטו מוזן גיין צו טאַטע־מאַמע. זיי זיינען גערעכט: דער יום־טוב איז זייערער. און זיי אַליין... זיי סופּרירן... וויל טאַטע, מיר קומען צו קדיש...

— קידוש, מיינסטו! — פאַריכט אייזיק — זיינען מיר דאָך שוין געווען דריי אָוונטן. מוז איך היינט אין צענטער...

— ניין, דו מוזסט נישט! — האָט די פרוי אויסגערופן — עלטערן זיינען אויך אַ סענטראַ! אַ גרעסערער סענטראַ... און, אַז זיי רופן פּסח עסן, איז בעסער ווי פּרעמדע...

— פרעמדע? וואָס רעדסטו? ווייסטו וואָס דו רעדסט? ווייסטו נישט, אַז מיר איז די פייערונג דאָרטן נאָענטער ווי דיין פּסח, וואָס...

— וואָס, וואָס, וואָס? — אַניטאַ האָט פאַרקלאַפּט דעם מאַן דאָס ריידן און גענומען קאָקעטירן, פינטלענדיק פאַר־שייט מיט די אייגלעך — און איך? איך שוין גאָרנישט?!

— יאָ, טייערינקע... ביסט אַלץ... נאָר שטעל זיך פאַר...

— איך וויל זיך נישט פאָרשטעלן!...

זי האָט האַלב־ברוגזדיק אַ פאָך־געטאָן מיטביידע הענט, ווי אַ טויב פאַרן אַוועקפליען, שנעל אַריין אין אַנדערן צי־מער און, ווי אַ צעקאַפּריזעוועט קינד, זיך אַ וואָרף־געטאָן אויפן בעט.

אייזיק איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון צימער און

נישט געהאַט קיין מוט אַריינצוגיין. ער האָט דערפילט, ווי עס פּרעסט אים אויפן האַרצן אַ מוראדיקע שווערקייט און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערפילט אַזוי פיינלעך דעם יאָך פון חתונה.

---

פאַרנאַכט האָט אייזיק זיך צוגעשפּאַרט אויף דער סאָפע, די הענט אויפן קאָפּ פאַרלייגט און די אויגן צוגעמאַכט.

אַניטאַ איז די גאַנצע צייט געלעגן אויפן בעט און גע־וואַרט. געווען זיכער, אַז אייזיק וועט אַריינקומען, איבער־בעטן, כאַפּן די אויגן אויסקושן. און זי וועט נישט מוחל־זיין. זי וועט אים לאַנג לאָזן ריידן, בעטן און שטומערהייט וועט זי אים נאָכאַנאַנד אָפּשטויסן און אָפּשטויסן, ווייל וואָס־מער זי וועט אים אָפּשטויסן, אַלץ־מער וועט ער זיך ביי איר בעטן, זיך בייגן פאַר איר און זוכן, זי זאָל אים מוחל־זיין.

נאָר אייזיק איז נישט אַריינגעקומען. עטלעכע שעה איז זי געלעגן, אַליין געלעגן, געהאַלטן פאַרזשמורעט די אויגן, ווי אין שלאָף. ביז זי איז מיד געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין אַ דרימל. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין גע־ווען שפּעט. איבערן צימער זיינען געקראָכן שאָטנס. עס איז איר געוואָרן אומהיימלעך. איז זי אַריין אין צווייטן צימער. אין דער טונקלקייט האָט זי דערזען אויף דער סאָ־פע אַ שאָטן.

— איסאַק?

— יאָ. — איז געקומען אַן ענטפער פון אַ שוואַכן, שטי־לן קול.

— ליגסט גאָר?

— יאָ. אַ שרעקלעכער קאָפּ־ווייטיק. עס דריקט מיר אונ־טערן האַרצן.

דאָס יונגע ווייבל האָט מיטאַמאָל זיך פאַרענדערט. די פאַרשלאָפנקייט איז פון איר פאַרשוואונדן. זי האָט שנעל אָנגעצונדן די עלעקטרי און צוגעלאָפן צו דער סאָפע.

— געבן וואַסער?

— יאָ.

זי האָט געבראַכט וואַסער.
— בעסער?
— ניין.
— רופן אַ דאָקטער?
— ניין.
— טאָ וואָס ווילסטו?
— ליגן אָט אַזוי און זיך אָפּרוען.
אַניטאַ האָט אַריינגעבראַכט אַ שיסל וואַסער און געביטן טיכלעך אויפן קאָפּ.
— דאַכט זיך, אַז דו האָסט היץ?
— דאַכט זיך...
אייזיק איז אַ לאַנגע צייט געלעגן, געקוקט דעם יונגן ווייבל אין די אויגן, געוואָלט זי אַ כאַפּ־טאָן אין די אָרעמס, נאָר זיך אָפּגעהאַלטן. זי וואָלט עס אים נישט געשאָנקען, פאַר אַזאַ שפּיצל. ער האָט געזען, ווי זי זיצט נעבן אים אַ ציטערנדיקע און פאַרבלייכטע, קוקט אומרואיק אויף אים, נעמט אויף אַ ווײַלע די אויגן נישט אַראָפּ. עס איז אים אָנגעקומען אַ חשק זיך פאַנאַנדערצושמייכלען, הלמאַי ער ליגט דאָ, אויף דער סאָפע, אַ געזונטער, און לאָזט זיך לייגן וואַסער צום קאָפּ, אין דער צייט ווען עס וואַרטן אויף אים צוויי ימים־טובים, צוויי ווייס־געדעקטע טישן, און עס וואַרטן אייגענע מענטשן, ליבע, נאָענטע...
ער איז אָבער געלעגן שטיל, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ ליידנדיקן פּנים, אויף וועלכן עס האָבן אַראָפּגערונען שנירלעך קאַלט וואַסער פון די טיכלעך אַראָפּ.
— צוויי פּיעסטאַס... — האָט די יונגע פרוי באַדויערט, קוקנדיק ווי עס טריפן די טראָפּנס וואַסער — און דאָ ווערסטו גאָר קראַנק...
אייזיק האָט זיך פאַרטראַכט און שטיל, ווי מיט אָפּגעשוואַכטער שטימע, באַדייטנגספול צוגעגעבן:
— אַזוי איז עס. צוויי ימים־טובים... קען איך צו קיין איינעם נישט גיין... ווייל צוויי... ווייל אַ טאָפּלטער יום־טוב... אַז מ׳האָט צוויי ימים־טובים אין איין אָוונט, האָט מען קיין איינעם נישט...



# ווײגן אײן טאַטן

זײ װאױנען, די צװײ ברידער, אויף אײן גאַס, נאָר אײ־נער צום צװײטן אין שטוב אַרײן גײט נישט. באַגעגענען זיך װי שכנים, װעלכע זײנען קײן פרײנט נישט, און פרעגן בלויז דאָס, װאָס זײ מוזן אומבאַדינגט פרעגן.

— באַקומען אַ בריװ פון דער הײם?

—באַקומען.

— און איך האָב נישט באַקומען.

— האָסט נישט באַקומען, װײל דער טאַטע איז אין כעס. ביסט קראַנק־געװען צו שיקן אים אויף יום־טוב?

— און דו, אַ פײער זאָל דיך אָנצינדן, אַז דו װעסט שי־קן? איך האָב אַ װײב מיט קינדער, זאָלן געזונט זײן, און פון דעסטװעגן שיק איך. אָבער, דו? האָסט אַ װײב אויפן קאָפּ? קינדער? װי אַ הונט! אַ הונט האָט אַ הײם?

— כוליגאַן!

— אַז געהרגעט זאָלסטו װערן!

און אַזױ שײדן זיך בײדע ברידער, פאַראײניקט מיט דעם געדאַנק װעגן אײן טאַטן.



# אַזוי ווי דער שאָטן

— גריגאָ־רי! גרי־גאָ־אָ־רי!

די טיר ווערט אויפגעפראַלט, ווי ביים אַנטלויפן פון אַ געפאַר, און איבער דער שוועל בייגט זיך ביז דער העלפט אַריבער אַ נידעריק גופל מיט קופּערדיק־פאַרשוויצטן פנימל און שוואַרצן פאַרקאַלטנטן קאָפּ. ציט אויס דעם קורצן האַלדז, ווי אַ צעשראָקענע גאַנדז, און פּאָנפּעט אַרויס פון פאַרלייגטן נעזל:

— מאַ־מאַ, מאַ־מאַ, גערו־פן, הע?

און, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, לויפט ער צוריק אַריין אין צימער, שיט אויס פאַר דעם מאַן, וואָס מיט דער אָפּגעדעקטער ברוסט, אַ קופּע צעריסענע ווערטער און בשעת־מעשה נעמט ער זיך פּאָרען מיטן רערל, סאָפּעט שווער, טיף און אייליק, און האַלט די אויערן אויסגעשטרעקט, ווי אַ צערייצטער שמעק־הונט.

באַלד צעגייט זיך טאַקע נאָכאַמאָל איבער די צימערן:

— גרי־גאָ־אָ־רי! אַ קו־נה!

שלעפּט פּרילוק גיך אַרויס פון לייב די בלאַנקע נאָדל, לויפט צו צו דער טיר און שיבט נאָכאַמאָל אַרויס אַ פראַגע, ווי ער וואָלט נישט געהערט:

— מאַ־מ... גערו־פ...?

אַ גראָבע יידענע רוקט פּוילבלעך אַריין דעם קאָפּ, גיט אויפן זון אַן אייזיקן קוק, ווי נישט אים וואָלט זי געמיינט, און רעדט אַרויס צעצויגן, אַ רענדל אַן אות:

— אַ קו־נה, גריגאָ־רי...

דערהערט „אַ קונה", פליט דאָס קערפּערל צוריק אַריין, זאַמט זיך עטלעכע רגעס בלויז און נעמט שוועבן, מיט דראָב־

נינקע קוראַפּאַטווע־טריטלעך, איבער דער פּראָטערירטער פּאָדלאָגע. אַזוי זיך געאײַלט אַרויסגיין, אַז ער האָט פאַרגעסן אַראָפּצורוקן דעם וואָלענעם סוועטער; האָט זיך אַרויסגעזען אַ ווײַסער פּאַס פון אונטערהויזן און אַן אָפּגעקנעפּלט הויזן־לײַסטל.

אַנטקעגן פּרילוקן שטייט די פּריילן מינע. זי וואַרפט אויף אים אַ בליק און רויטקייט לויפט אַרײַן אין אירע באַקן.

— פּאַפּאַ איז קראַנק. — זאָגט זי שטיל.

פּרילוק גיט איין קוק בלויז אויפן בלאָנדן מיידל מיט די צערויטלטע באַקן און פרעגט מער קיין וואָרט נישט. ער ווייסט, אַז פידעלעף דאַרף אים נישט אַזוי צו דער קראַנקייט, ווי צום דורכשמועסן זיך. דערווייל איז עס אָבער אַ וויזיט...

כאַפּט ער אין איין האַנט דאָס דאָקטערשע רענצל, מיט דער אַנדערער האַנט פאַרוואַרפט ער אויפן האַלדז אַ הייסע, פון דער זון אָנגעוואַרימטע וואָלענע טוך, לויפט אַרויס מיט די זעלביקע קוראַפּאַטווע־טריטלעך אין דרויסן, שפּרינגט אַרײַן אין אויטאָמאָביל און פאַרוקט זיך אין אַ ווינקל, ווי פון זײַן זייט וואָלט שוין אַלץ געווען אָפּגעטאָן. ער זעט אַפילו נישט, ווי דאָס מיידל שטייט אַ פאַרפּלאָנטערטע ביים טיר און קאָן זיך נישט רירן, נישט אַהין און נישט אַהער.

דער וועג צו פידעלעפן איז אַ צעהויקערטער. קאַטשעט זיך פּרילוק, ווי אַ שיכור, פון איין זייט אויף דער אַנדערער און, נישט קענענדיק אײַנהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט, פאַלט ער יעדע ווײַלע אַרויף אויפן צעמישטן מיידל. דאָס מיידל גיט זיך נישט קיין ריר. זי וואַרט. די שפּיציקע ברוסט אירע הייבט זיך האַסטיקער. נאָר פּרילוק איז קיין שום זאַך נישט אויסן. רוקט ער זיך ווידער אַרײַן אין זײַן ווינקל און רעדט נישט אויס קיין אײנציק וואָרט. קוקט אויף די טאַנצנדיקע הייזקעס, צעטרייסלטע פעלדער־פּאַסן און שווייגט. און אין די געהירן בויערט אַ געדאַנק, קאַלופּעט ווי מיט אַ פאַרזשאַווערטן שפּיזל:

...זיבנאונדרײַסיק יאָר זײַנען אַוועק און וועלן נאָכאַמאָל נישט צוריקקומען. און עס וועלן נישט קומען די אַלע חלומות, וואָס צו אַנדערע קומען זיי יאָ און וואָס צו אים זײַנען זיי

נישט געקומען. נישט קיין ווייב. נישט קיין קינד. נישט קיין נעליבטע. אפילו קיין הויז נישט...

ער האָט געהאַט אַ חלום: אַרויסקריכן פון דער נויט. נו, איז ער שוין פון לאַנג אַוועק. וואַקסן ערגעץ, אין אַ פאַרזיגלטן בוך, ציפערן און ציפערן. צו אים געהערן די ציפערן, נאָר צו אים. אַזוי שטייט קלאָר אָנגעשריבן...

וואַקסט ערגעץ אויף אַ פעלד קאָרן און ליאָן, מאַיס און גאָרטנוואַרג. פעטע קי פאַשען זיך און קעלבער פעטע. ער זעט זיי קיינמאָל נישט. ס׳אינטערעסירט אים נישט זיי צו זען. גענוג פאַר אים, אַז ער ווייסט, אויף וועלכע ציפערן מ׳קאָן פאַרבייטן דעם קאָרן און דעם ליאָן, די מאַיס און דאָס גאָרטנוואַרג, די קי און די קעלבער...

— צו וואָס, אייגנטלעך, דאַרף ער דאָס וויסן? — וויל פּרילוק טראַכטן קאַפּויער — עס פעלט אים דען אָן דעם פּרנסה?

— פון דעסטוועגן — הערט ער אויף צו טראַכטן קאַפּויערדיק — דאַרף מען אַריינגיין אין באַנק. אין שטוב דאַרף קיין געלט נישט ליגן...

קלערט ביי זיך פּרילוק:

אַז ער וועט שוין דאָרטן זיין, אין באַנק, וועט ער אַריינגיין אין באַזונדערן חדר, אַ קוק־טאָן. שטיל איז דאָרט. קיין פּיפּס נישט. נאָר ד ע ר  ש אָ ט ן  פ ו ן  ז י ך קריכט אויף די גלייכע ווענט. ער איז דער שאָטן און דער שאָטן איז ער. זאָל עס אפשר הייסן, אַז ע ר קריכט אויך אויף די גלייכע ווענט? איז ער אפשר אויך אַזוי מטושטש און אומקלאָר, ווי ס׳איז דער שאָטן זיינער, וועלכער גייט בלויז דעמאָלט, ווען מ׳צווינגט אים צו גיין, ווען דער אַנדערער גייט?

ליגט פּרילוק אין ווינקל פון אויטאָמאָביל, ווי אַן אָפּגענומענער, און אין די געהירן זיינע שניידט זיך איין דער איינציקער געדאַנק, אַן אַלטער און אַן אייגנגעסענער געדאַנק:

— אַלץ, וואָס ער טוט, טוט ער, ווייל ער דאַרף עס טאָן, אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַר ווען, נאָר גאָר פּשוט, ווייל לעבן דאַרף מען.

---

ווי פון אַ לעבעדיקן זאַק אַרויס, שיט פּרילוק קופּקעס ווערטער צו פּידעלעפן אין בעט:

— ס'איז קליניקייט... אויסרועו... עס קאָן כאַפּן מערער הייץ... אויך 41... עס קאָן אַ מאָל זיך צוטשעפּען... מען זאָל אַ מאָל דאַרפן מאַכן אַן אָפּעראַציע... עס קאָן אייך אַ מאָל אָנהייבן ציען ביים בויך... שטאַרק ציען... אָבער מען דאַרף נישט מורא־האָבן... זיך נישט דערשרעקן... ווייל...

— אָבער, דאָקטער! — רייסט איבער פּידעלעף, אַ פּאַר־קאַלכטער, מיט בלוי־פּאַרגליווערטע פלעקן אויפן פּנים — ס'וועט מיר גאָרניט זיין. עט, מאָרגן...

פּרילוק הייבט אויף די אויגן צום צעשראָקענעם מיידל. קוקט, נאָר שווער צו זאָגן, צי די אויגן זיינע זעען דאָס מיידל אָדער זיינען גאָר פאַרטאָן אין זיך, אין די אייגענע רעיונות.

— איך זאָג דען, אַז עס מוז זיין? — זאָגט ער, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט — איך זאָג נאָר, אַז עס קען זיין...

ציט פּידעלעף אויס אַ ביינערדיקע האַנט און הייבט אָן גלעטן דעם דאָקטער, ווי ס'גלעט אַ זיידע אַ צעפּלוידערטן אייניקל און קוקט מיט איבערגעשפּיצטן שכל אויף דעם קליינעמס פּלוידערייען:

— עט, נאַרישקייטן, דאָקטער...

און ביי זיך טראַכט ער, אַז דאָס איז שוין זיין טבע.

— ער שרעקט אַזוי אָפּ, אַז מ'טו זיך כאָטש אָן אין תכריכים און שטאַרב אַוועק! אָבער, האַלטן האַלט מען פון אים פּאָרט, און נאָך ווי!...

— „מזלדיקע הענט!" — זאָגן אַלע.

— „אַ בלוט־צאַפּער!" — פאַרגעסט מען ניט צוצוגעבן.

קלערט ביי זיך פּידעלעף, אַז פאַר אים איז עס גאָר קיין הסרון נישט. וועט זיין טאָכטער האָבן פּרנסה איבערן האַלדז.

— מינע! — זאָגט ער שטיל צו דער טאָכטער און אין דער זעלביקער צייט הייבט ער אָן שטאַרקער גלעטן פּרילוקס האָריקע האַנטפלאַך — סערוויר אַ מאַטע, וועט דער העהר דאָקטער נאָך זיצן אַ ביסל!

פּרילוק ווערט רויט. זיינע אויגן הייבן אָן שרעקעדיק פינטלען איבער דעם מיידלס אַקסלען אַריבער, ווי ביי אַ שי־

לער, ווען מען מ'הייסט קוקן אויף עפעס, אויף וואָס ער שעמט זיך צו קוקן.

— ניי־ן! — שטאַמלט ער אַרויס — מ'דאַרף נישט. איך גיי שוין.

ער שטאַמלט אַרויס נאָך אַזוי פיל ווערטער, אַז דאָס מיידל האָט געגנוג צייט אַלץ צוצוגרייטן. און, שטאַמלענדיק „ניין", נעמט ער ציען, כראָמטשען, שפּייענדיק אויף רעכטס און אויף לינקס. דערמאָנט זיך, אַז דאַרע פינגער גלעטן זיין האַנט ווייך און צאַרט, ווי דאָס גלעטן פון אַ מוטער. דער־פילט, ווי אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן עגבערן און גראָבן זיך איין אין זיין נאַקן און בריען; ווי גלאַנציקע פעדערהאָר וויק־לען זיך אַרום זיין האַלדז, פלעכטן זיך אויס אין שטריק, דריקן און שטיקן, אַז אין גאַרגל ווערט טרוקן און הייס; און אין קאָפּ זשומעט, ווי אַ בינעלע וואָלט זיך אַרומגעטראָגן דאָרטן און געזשומעט. פאַלט אים איין, אַז צום בעסטן וואָלט געווען, ער זאָל מיט קוראַזש אַ הייב־טאָן די אויגן, זיין פּאַר־שייט און ערנסט גלייכצייטיק, ווי עס טוען דאָס אַלע דער־פאַרענע מעדיצינער, ווי עס טוט דאָס ער, פּרילוק, מיט אַלערליי מענער און פרויען. נאָר עס פאַלט ביי אים באַלד אַראָפּ דער קוראַזש. ער דערשפּירט, אַז פּאָר מינעו וואָלט ער נישט געקענט זיין קיין דאָקטער. ער וואָלט איר אפילו נישט געקענט קוקן גלייך אין די אויגן. ער וואָלט נישט גע־קאָנט צו־לייגן די האַנט אַרום די לבנהדיק־אויסגעפּוּרעמטע בערגלעך פון לייב, כאָטש ביי אַנדערע פרויען טוט ער עס אַלעמאָל מיט כאָרטישער גיכקייט, און אונטער דער הויט גיט דאָס בלוט אפילו נישט קיין ציטער. ווען ער שטייט קעגן איר, איז ער אָבער אַן אַנדער מענטש. אין איר אָנ־וועזנהייט איז ער נישט מער ווי פּרילוק, אַ מענטש אַ שע־מעוודיקער, וואָס איז צו אַ פרוי גלייכגילטיק. אפשר איז עס צו אים געקומען, טראַכט ער, פון דעם, וואָס עס האָט אים געפעלט צייט און געלט? זעט ער דאָך, אַז זינט מ'האָט אים אָנגעהויבן געבן אַנצוהערעניש ווענן דעם רייכן פידעלעפס טאָכטער מיט די בינעזישע אייגעלעך, ווי איבערגעקערטע, טיפע שיסעלעך, איז ער נישט מער גלייכגילטיק. קומט עס דאָך מסתמא פון דעם, וואָס ער האָט באַקומען צייט און געלט. נישט אַזוי?

— סעניאָר פרילוק! — רופט אויס פידעלעף פּאָטערלעך
— איר זיינט, דאַכט זיך, נישט מיט אַלעמען.

— העף? — גיט זיך פרילוק אַ טרייסל און פאַלט שיער
אַראָפּ פון שטול.

— איך רייד צו אייך, און רייד, און איר...

— ס'קען ניט זיין! — האַקט פרילוק איבער, אַרויס־
וואַרפנדיק די ווערטער מיט אַזאַ גיכקייט, גלייך ווי יעדער
אות וואָלט אים די צונג געבריט. נאָר באַלד כאַפּט ער זיך,
אַז ער האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט און פּרוואוט פאַריכטן
זיין פעלער:

— ס'קען זיין... געווען פאַרטראַכט... נאָר אַזוי בין איך
ווי צום בעסטן...

פידעלעף טוט אַ פיר די אויגן איבערן דאָקטערס צעפלאָמ־
טן געזיכט, ווי ער וואָלט אים נישט געגלויבט, און זאָגט:

— זעצט זיך מיט אונדז עסן וועטשערע!

ווערט פרילוק נאָכמער צעטומלט:

— אום גאָטעס ווילן! כ'בין שוין אַ געגעסענער...

דאָך זיצט ער באַלד ביים טישל, אַ צערויטלטער, שיק־
לענדיק מיט די אויגן גיך, נערוועז. זיינע הענט גיבן אַ ציט־
טער יעדע ווײַלע, ווען ער דערפילט, ווי עס גיט אויף זיי אַ
בלאָנדזשע אַן אייגל פול מיט וויין. ער פילט, אַז יעדער ביס
שטעלט זיך אים ווי אַ ביין אין האַלדז. דער מעסער שניידט
נישט. דאָס פלייש איז צו־האַרט. כאַפּט ער מיט די הענט
צעשטיקלען דאָס זעמל און מיט די פינגער נעמט ער זיך
צום פלייש. אין דער רגע דערפילט ער אויף די פינגער די
כינעזישע אייגעלעך. דערמאָנט ער זיך אין היגיענע, וואָס
ער פאַרזאָגט אַלע פּאַציענטן זיינע, און כאַפּט זיך צו מע־
סער־גאָפּל. פאַראייננוועגס טונקט ער איין דעם אַרבל אין
טעלער יויך, פאַרטשעפּעט מיטן עלנבויגן די וואַזע, אַז די
פאַרצעליי גיט אַ שפּרונג אַראָפּ אויף דר'ערד מיט אַ היל־
כיקן בראַזג־געלעכטער.

— מזל־טוב! — הוסטלט פידעלעף אַרויס — זאָל זיין
מיט גליק!

פרילוק שפּרינגט אויף פון בענקל, אַ פאַרבליפטער, אַ
באַשפּריצטער מיט פעטער זויזע, בלייבט שטיין מיט אויפ־

געהויבענע הענט, פונקט ווי ער וואָלט פּאָזירט אָדער גע־האַלטן אין מיטן שפּילן טעאַטער.

אין דעם מאָמענט באַווייזט זיך אין פענצטער אַ קליין פּנימל:

— די סעניאָראַ האָט געהייסן זאָגן, אַז ס'וואַרט אַ קונה.

גיט זיך פּרילוק אַ ריס אָפּ פון אָרט און לאָזט זיך צו דער טיר:

— מ'וואַרט. אַ גוטע נאַ...

און פאַרשווינדט, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער.

אַז ער גייט אַרויס, פּרילוק, שפּרינגט דאָס מיידל אויף מיט אַ געשריי:

— כ'וויל ניט, דו זאָלסט מיר פאַרדרייען אַ קאָפּ! אַ לייד־מענער גולם, וואָס דאָס איז! אַ יאַקטער! אַ מין פאַרזעעניש!

זי שוימט פון כעס און וואָלט גערעכנט נאָך און נאָך, ווען דער אַלטער זאָל איר נישט אָפּהאַלטן:

— ווען־זשע וואָלסט דו געוואָלט? דעם ליטעראַטוטל, וואָס גייט מיט אַ טעקע אין האַנט און מיט די פּיאַטעס אין דרויסן?!

— אַלץ בעסער ווי דער יאַקטער! — קאָכט זיך ס'מיידל — און אויב דער יאַקטער געפעלט דיר, טאָ האָב מיט אים חתונה! מיר זאָלסטו וועגן אים נישט ריידן!

שטרענגט זיך דער אַלטער אָן נישט אָפּצוענטפערן מיט כעס, זעצט זיך אַוועק מיט אַלע כוחות, הוסט אָפּ טיף און גייט אַריין אין פאָטערלעכער גוטמוטיקייט:

— ווייל איך דען דיין שלעכץ, מינעלע? וואָס וויל איך דען? ער וויל דיך, זעסטו דאָך! ער איז אַ דאָקטער... האָט פּרנסה... נישט ווי יענע לאַפּסערדאַקעס, וואָס דרייען זיך אויפן אָפּצאַס...

און ביי ביידן איז נישטאָ דער מינדסטער צווייפל, אַז ער, פּרילוק, וואַרט נאָר אויף אַ וואָרט, איז פאַרליבט, און פון דעם דאָזיקן זיין פאַרליבט קומט עם זיין צעטומלטקייט.

---

אויפן וועג אַהיים שטייגט גריגאָרי אָפּ אין רעסטאָראַן „דער פריינד". ער איז שטאַרק הונגעריק. שטעלט ער זיך

אוועק ביים בופעט, נעמט קנייפן דאָס ברויט, רייסט שטי־
קער קאָלבאַס און שטאָפּט צוזאַמען אין מויל אַריין.

אַרום איז פרייליך. מ׳גייט אַריין און אַרויס. אויף די באַגריסונגען ענטפערט פּרילוק אַלעמען מיט הכנעה, מיטן דינעם קולכעלע. דאָס שטימעלע זעצט זיך אַראָפּ צווישן די האַלב־צעקייטע זעמל, פלייש און אַנדערע קלייניקייטן, און עס דערגייט צו די אויערן בלויז אַ שלוקערץ, ווי ביים שטי־
קן זיך.

פּרילוק קוקט אַרויס דורכן פענצטער. די גאַס זשומעט. קינדער לויפן זיך פאַנאַנדער איבערן טראָטואַר, פאַלן זיך אין די אָרעמס און פאַרקלינגען די גאַס מיט זאָרגלאָזיקייט און געלעכטער. אויף די טראָטואַרן שפּאַצירן אָנגעפּודערטע מיידלעך מיט איינגעשנורעוועטע טאַליעס, אַזוי איינגעשנור־
רעוועט, אַז ס׳דאַכט זיך, אָט פּלאַצן די שנירלעך פון היציקן בלוט. די מיידלעך גייען אַרום פענצטער, קוקן אויפן דאָק־
טער, וועלכער פאַרזאָגט אַלעמען היגיענע און אַליין עסט ער שטייענדיקערהייט, אויסקנייפּנדיק מיט די פינגער שטי־
קער ברויט און פלייש.

נאָר אים, פּרילוקן, אַרט עס נישט:

— זאָלן זיי קוקן!

אים אַרט בכלל קיין שום זאַך נישט. צו דער פּרנסה, ווייזט אויס, קאָן דאָס שוין נישט שאַטן, אויב עס האָט ביז היינט נישט געשאַדט. אַזוי טראַכט ער זיך.

ער גייט אַרויס אויף דער גאַס. קיינער שטעלט אים נישט אָפּ. אַ לאַנגע צייט גייט ער אַזוי. ווייסט ער שוין, אַז קיינער אין שטעטל איז נישט קראַנק. גייט אים צום טויזנטסטן מאָל אַרויף אויפן געדאַנק, אַז ער האָט נישט מיט קיינעם קיין שייכות. אַז ער איז אַ פרעמדער צווישן אָן אַ שיער באַקאַנטע, מיט וועלכע ער לעבט יאָרנלאַנג. אַז קיינער דאַרף אים נישט אַחוץ פאַר אַ קרענק. כאָטש אַלע שענקען אים געווינג אויפמערקזאַמקייט, טרעטן אָפּ מיט רעספּעקט דאָס אָרט און, אַז מ׳רעדט צו אים, פאַרגעסט מען נישט צוצו־
געבן:

— הער דאָקטער.

חוץ אַ דאָקטער איז ער אָבער פאַר קיינעם מער גאָר־

נישט. קומט אים אויס, אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר חולאים.

מיט ־אַזעלכע טראַכטענישן גייט ער פאַרביי פידעלעפּס שטוב. נישט־ווילנדיק, שטעלט ער זיך אָפּ. דורכן פענצטער קוקט אַרויס מינע מיט פאַרטרערטע אויגן. גיט אונטער אים אַ ציטער דער טראָט. ער הייבט־אויף דרייסט די אויגן. ער ווייסט אָבער, אַז דאָס וואָגט אין אים דער דאָקטער, נישט גריגאָרי פּרילוק.

— ווי גייט׳ס?

— גוט. —ענטפערט ס׳מיידל און גיט נישט־ווילנדיק צו — קומט אריין אין שטוב!

אין ערשטן מאָמענט ווערט אים לייכטער אויפן האַרצן. נאָר באַלד פאַרדריסט אים. דאָך גייט ער. גייענדיק, דער־הערט ער אַ געשריי. ער דרייט זיך אויס און זעט: אויפן נאָענטן מארק־פּלעצל איז אַ מאַן געפאַלן. מענטשן זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן, ארומגעשטעלט און געקוקט, ווי דער מאַן וואַרפט זיך אין קראַמפן.

גייט פּרילוק אַראָפּ פון די טרעפּלעך ביי פידעלעפּס הויז. צוויי מאָל דאַנקבאַר פאַר די געלעגנהייט און פון גרויסער דאַנקבאַרקייט פאַרגעסט ער צו אַנטשולדיקן זיך.

פּרילוק לאָזט זיך גיין איבערן טראָטואַר. פּרואווט זיך וואַר־פן אין די אויגן. ווען ער זעט, אַז מ׳לויפט צו אַן אַנדערן דאָקטער, שאַרט ער זיך צו נאָך־נאָענטער צום פּלאַץ, וואַרפט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי אַ מייזל, וואָס האָט דערשמעקט עסנוואַרג, זוכט און זוכט אַן אַריינגאַנג, נאָר קען זיך נישט דערקריגן.

שאַרנדיק זיך אויף די טראָטואַרן, דערזעט ער, ווי דער שאָטן פון זיך קריכט אויף די גלייכע ווענט. דאַכט זיך אים אויס, אַז ער איז פּונקט ווי דער שאָטן זיינער, וועלכער גייט בלויז דעמאָלט, ווען מ׳צווינגט אים צו גיין, ווען דער אַנדערער גייט.



# געוואָרן אַן אַנדערער

אויף די אַרויסשטאַרטשענדיקע קינבאַקן פון דן דעם שניי־דער מיגיעט זיך בלויקייט, פון שטענדיקער ערגערניש. זינט ער האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז אין שטוב פון דער על־טערער טאָכטער זיינער קען ער ניט זיין קיין פרייער מענטש און דאַרף זיך האַלטן אין איין פרעגן, צי האָט ער נישט גע־רעדט און געטאָן עפּעס, וואָס קען ניט אָנשטיין דעם איי־דעם, דעם דאָקטער, איז דן געוואָרן אַן אַנדערער מענטש.

ער האָט עס נישט געקענט פאַרגעסן:

— טאַטע, — האָט אים די טאָכטער פאַרגעוואָרפן —, דו זיצסט דאָך נישט ביי שער־און־אייזן...

— וואָס? — האָט ער אויסגערופן און נישט געוואָלט גלייבן זיינע אייגענע אויערן — איך טאָר שוין נישט צו־זינגען אַ לידעלע מיין אייניקל אין וויגעלע? ד אָ ס אויך נישט?

— ניין, טאַטע, נישט דאָס מיין איך! — האָט די טאָכ־טער זיך געפּרואווט פאַרענטפערן — האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען...

— פאַרשטאַנען? — איז דן געוואָרן אַן אָנגעצונדענער, מ'האָט געקענט מיינען, אַז ער וועט זיך צעשרייען, נאָר ער האָט זיך באַנוגנט בלויז מיטן אויסגלאָצן די אויגן, אָנקוקן די טאָכטער שטוינענדיק, פּונקט ווי ער וואָלט זי נישט דער־קענט, און לסוף אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט — וואָס וועל איך דאָ מיט דיר זיך אָוועקשטעלן ריידן?

ער האָט אַראָפּגעכאַפּט פון שטול זיין מאַנטל, אויף גיך זיך אָנגעטאָן, זיך איינגעבויגן איבערן וויגעלע, אַ קוש־גע־טאָן דאָס קינד און אייליק אַוועק צו דער טיר.

די טאָכטער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג:

— טאַטע! כ'האָב גאָרנישט געמיינט...

— לאָז מיך! — האָט דן אַרויסגעסאָפּעט — ס׳קריכט מיר שוין פון האַלדז. געשווינגן, געשווינגן, געשווינגן! אָבער וויפל איז דער שיער?

— איז וואָס עפּעס איצטער? — האָט די טאָכטער זיך געוואָרט.

דן האָט זי אָנגעקוקט מיט כעס:

— „איצטער", פרעגסטו? וואָס? גי׳נאָר אַ קוק, ווי זי וויים פון גאָרנישט! זי ווייס נישט, אַז די גרעסטע פּאַס ווערט אויך איבערגעגאָסן פון אַ קליין ביסעלע... פריער גיסט מען צענדליקער עמערס און ס׳איז נאָך אַלץ ווייניק... גיסט מען נאָכדעם אַריין בלויז איין פינגערהוט און עס גיסט זיך אַריבער!

די טאָכטער איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— כ׳ווייס נישט, וואָס דו ווילסט האָבן פון מיר! אַ פּאַס... עמערס... פינגערהוט... וואָס האָט דאָס מיט אונדז צו טאָן?

— גי׳נאָר אַ קוק די דאָקטערשע! — האָט דן זיך צע־הוזקט, — זי הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין! אָבער, אויס־טאָן דעם טאַטן פון העמד, אַבי נעמען אַ דאָקטער פאַר אַ מאַן, האָסטו יאָ פאַרשטאַנען?

— נו, — האָט די טאָכטער צעפירט די הענט —, האָסטו דערלייגט צום געשעפט!

— ניין, כ׳האָב פאַרדינט!... כ׳בין גליקלעך געוואָרן!...

— און וואָס ביסטו עפּעס אומגליקלעך געוואָרן? פאַר־שעמט די משפחה פון שניידערס און אַריין אין אַ משפחה פון דאָקטוירים! פּששש, פאַרשעמט דעם יחוס? אַ פלעק אין דער משפחה?

דער פאָטער האָט מער נישט געקענט אויסהערן, האָט בייז אוועקגעשטופּט די טאָכטער, האַסטיק געעפנט די טיר און אַוועק, ווי מען וואָלט אים נאָכגעיאָגט.

פון דעמאָלט אָן איז דן דער שניידער געוואָרן אַן אַנדע־רער מענטש. די טאָכטער איז אַפילו דעם זעלביקן אָוונט געקומען צו לויפן אַהיים, האָט זיך אויסגעוויינט הינטערן טאַטנס פּלייצעס און שפּעטער געבעטן די מאַמען, זי זאָל קומען מיט איר צו גאַסט. זי האָט איר אַפילו אַ קוש־געטאָן פאַרן אַוועקגיין און מיט צעשמייכלטע טרערן איר גערופן

צום אייניקל. דן האָט דאָס אויסגעהערט, געענטפערט „כ׳וועל קומען" און מיט אַ פיבערנדיקער שטימע געזאָגט אַזוי זיך, צו דר׳ערד, סודותדיק, פונקט ווי ער וואָלט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז די טאָכטער שטייט דערביי:

— קומען... קומען... צו וועמען? ס׳וואָלט געפּאַסט, מיין גליבכנס... וואָס וואָלט מיר געפעלט, אַ שטייגער, ווען מיין טאָכטער האָט חתונה, נישט מיט אַ דאָקטער, נאָר מיט אַ גוטן שניידער, מיינס גלייכנס?

די טאָכטער האָט געהערט און אויפגעציטערט. זי האָט זיך איינגעטוליעט אין מאַנטל און מיט אַ כעסדיקער „גוטע נאַכט" צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

פון דעמאָלט אָן איז דן געוואָרן פאַרכמורעט, האָט אויפגעהערט זינגען הויך ביי דער אַרבעט און זיך אַריינגעטאָן אין זיך.

שפּעטער, ווען דאָס יינגסטע יינגל זיינס האָט געהאַלטן ביים ענדיקן די ערשטע שול, האָט דן געוויזן, ווי ווייט ער איז געוואָרן אַן אַנדערער. דאָס ווייב האָט געהאַלטן, נישט אַנדערש, אַז מ׳דאַרף דאָס יינגל שיקן אין אַ צווייטער, אין אַ העכערער שול:

— ווייל וואָס דען? אַ שניידער זיין איז אַ תכלית? זיך אויסדזשאָבען די אויגן?

דן איז אָבער געווען ביי זיך פּעסט:

— גענוג געלערנט! ער קען שרייבן, לייענען, רעכענען און נאָך עפּעס? איז גענוג! ער קען נאָך אַלץ צען מאָל אַזוי פיל ווי זיין טאַטע! אַצינד, צו דער נאָדל, צו זיינס גלייכן!

— וואָס רעדסטו? — האָט ס׳ווייב נישט געקענט צו־לאָזן דעם געדאַנק — ווייניק, וואָס דו ביסט אַ שניידער?

— ווייניק! — האָט דן געענטפערט מיט אַנטשלאָסנקייט

— נעבע האָט אויך באַדאַרפט זיין ביים שניידער־טיש, וואָלט איך געוואוסט פון אַ לעבן! וואָלט זי און דער איידים מיט מיר זיך נישט געשעמט אויף טריט און שריט! וואָלטן מיר געווען פון אונדזער גלייכנס!

דן האָט גערעדט, ווי ער וואָלט אַרויסגעלייענט פון אַ שיינעם ביכל.



# מענטשן

אביגדור האָט מיטאמאָל פארלוירן דעם גאַנצן חן ביי זיין שכן אין די אויגן. זינט ער האָט איבערגענומען, אביגדור, די שטעלע פון א באַגרעבער, האָט אברהם גענומען פאר אים זיך שרעקן, גלייך ווי ער וואָלט זיך געשטעלט, אביגדור, אין פארבינדונג מיט די מתים און זיך ארומגעטראָגן מיט סודות פון מלאך־המות. פון העפלעכקייט וועגן האָט אברהם אים די ערשטע טעג געפרעגט:

— וואָס הערט זיך? ווי לעבט זיך עס עפעס צווישן די מתים?

אביגדור האָט א קוועטש־געטאָן מיט די אקסלען:

— מא, ווי זאָל עס גיין? מ'באַגראָבט!

אברהמען איז פון די ווערטער אוועק דער שמייכל. עס האָט אים זיך אויסגעוויזן, אז אביגדור איז באלד אין דעם ערשטן טאָג געוואָרן אַן אנדער מענטש, כאָטש ער האָט נישט געגלויבט, אז א מענטש קען אזוי גיך ווערן אַן אנ־דערער. און דערפאַר האָט ער איבערגעפרעגט:

— איז ווי איז עס דאָרטן, וואו מען מאַכט פון מתים א לעבן?

— עט, ר' אברהם! — האָט אביגדור שטיל געענטפערט — פרנסה... וואָס זאָל מען טאָן? מענטשן זיינען מענטשן. און וואָס זיינען טויטע? נישט קיין מענטשן? איז פון לע־בעדיקע מעג מען און פון טויטע נישט?

אברהם האָט זיך געוואונדערט, ווי מ'קען דאָס אין איין טאָג ווערן אַן איבערגעקערטער, און וואָס־גיכער זיך אָפּגע־זעגנט:

— א גוטן!

נאָר, אז ער האָט זיך דערמאָנט אין אביגדורס נייער אר־

בעט, איז אים אויסגעקומען מאָדנע, וואָס ער ווינטשט אים „אַ גוטן!”. ער האָט צו זיך אַליין גערעדט:

— וואָס פאַר אַ גוטס קען עס ביי אים זיין? ער זאָל האָבן נאָך עטלעכע מתים צו באַגראָבן?

און דערשפּירט, ווי דער שכן, אַביגדור, מיט וועמען ער איז געווען יאָרנלאַנג באַפריינדעט, איז פאַר אים פּלוצלינג געוואָרן אַ ווייטער. אויך דעם זון האָט ער עס געלאָזט פילן, אַז ער איז ניט צופרידן, וואָס ער, דער זון, איז אַן איינגייער ביי אַביגדורן אין שטוב, צו דער טאָכטער, און רעדט מיט איר ביז שפּעט אין דער נאַכט.

— טאַטע! — האָט דער זון קעגנגערעדט, — ווי קומט עס צו דיר, אַז דו זאָלסט זוכן יחוס? וואָס עפּעס פּלוצלינג? דו האָסט דאָך קיינמאָל נישט פאַריסן מיט דער נאָז!

פאַרענטפערט זיך אברהם:

— נישט וועגן יחוס גייט עס מיר. דו ווייסט אַליין. דו פילסט עס מסתמא פונקט אַזוי גוט ווי איך.

— ניין. — לייקנט דער זון — איך פיל דאָס נישט.

— כ'גלייב דיר נישט. — זאָגט דער טאַטע און קוקט מיט אומצוטרוי דעם זון אין די אויגן — פעלן דען פּרנסות אויף דער וועלט, וואָס מען מוז דווקא ווערן אַ באַגרעבער? מוזסטו דווקא האָבן אַ שווער, וואָס מאַכט אַ לעבן פון מתים?

— טאַטע, טאַטע! — האָט דער זון געהאַט פאַראיבל — ביי דיר איז באַלד „שווער”. אַז מ'גייט אַריין צו אַ מיידל אין שטוב, מוז מען דאָס באַלד חתונה־האָבן? און, צוריקגעשמועסט, און אַז יאָ אַ באַגרעבער, איז וואָס?

אברהם פילט, ווי עס ווערט אים קאַלט פון די רייד. בעט ער זיך ביים זון:

— הער שוין אויף, הער שוין אויף! כ'קען נישט הערן, ווי דו רעדסט. וואָרן, אַז איך דערזע אים, דעם אַביגדורן, ווי ער טראָגט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם, דאַכט זיך מיר, ווי ער וואָלט זיך אַרומגעפירט מיטן מלאך־המות...

— באַ!

— אוודאי, דו לאַכסט! ביי דיר איז עס אַ געלעכטער. אָבער, אַז איך דערמאָן זיך אין דעם פּעקעלע תכריכים, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם, גייט אַדורך פאַר מיינע אויגן מיין אייגענער סוף...

— נאַרישקייטן. — מאַכט דער זון צו קליינגעלט — מיר אַלע וועלן שטאַרבן, ווער פריער, ווער שפּעטער.

— יאָ, יאָ. — פאַרטיידיקט זיך אברהם — מיר וועלן אַלע שטאַרבן. נאָר דעם טויט אין די אויגן דאַרף איך נישט אַריינקוקן יעדן טאָג. כל־זמן מ'לעבט, וויל מען זיך דאָס לעבן נישט פאַרמיאוסן מיטן טויט. וואָס, כ'וועל פאַרשפּעטיקן? כ'מוז דאָס זען יעדן טאָג די תכריכים פאַר די אויגן?

אַזוי טענהט זיך אויס דער טאַטע מיטן זון און עס פאַרדריסט אים, דעם טאַטן, הלמאי דער זון לאָזט זיך נישט איבערצייגן און גייט אין אָוונט ווידער צו אביגדורס שוועל. טראַכט ער וועגן דעם און עס ווילט זיך אים אַ מאָל אָפּשלאָגן זיינע אייגענע געדאַנקען. אפשר איז ער טאַקע אומגערעכט?

— וואָס טוט ער דען, אביגדור? ער מאַכט אַ לעבן! יעדער מאַכט אַ לעבן אויף זיין שטייגער. איינער לעבט פון לעבן. אַ צווייטער לעבט פון טויט. יעדער איינער טוט, נישט אַזוי ווי אים ווילט זיך, נאָר ווי דאָס לעבן פירט...

נאָך די דאָזיקע געדאַנקען דערשפּירט אברהם, אַז ער האָט אביגדורן פאַרגעבן, הלמאי ער האָט זיך אויסגעקליבן אַזאַ פּרנסה. און, טרעפנדיק אים ביים אַרויסגיין פון שטוב, מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם, וויל ער אים ווייזן אַזאַ פריינדלעך פּנים ווי אַמאָל:

— אַ גוטן אייך, ר' אביגדור! וואָס הערט זיך?

— אָט, — גיט אביגדור אַ צעקנייטש דעם שטערן, פאַרדאגהט, און ווייזט אָן אויפן פּעקעלע אונטערן אָרעם — מ'באַגראָבט...

דערשפּירט אברהם, אַז עס גיט אים אַ וואָרף דער גאַנצער קערפּער, פּונקט ווי ער וואָלט, אָט אַזוי גייענדיק אין גאַס, מיטאַמאָל דערזען דעם שאָטן פון מלאך־המות.



# פּרנסה

— אַז וואָס ווילסטו פון מיר? — האָט דער שפּייז־קרע־מער זיך אויסגעטענהט מיט זיין ווייב, וואָס האָט זיך באַקלאָגט אויף דער פּרנסה — אַז איך קען נישט אָפּנאַרן קיין מענטשן!

— מיט אַזאַ וועג — האָט זי אויף אים געשריען — וועסטו קיינמאָל אויף קיין ברויט נישט פאַרדינען!

— טאָ וואָס זאָל איך טאָן?

— וואָס הייסט, וואָס? טו, וואָס אַלע מענטשן טוען! וואָס אַרט דיר, אַז יענער קויפט אַ זאַך, וואָס איז נישט אַזוי איי־איי־איי? דו פאַרדינסט? איז וואָס גייט עס דיר אָן?

— אָבער, אַז איך קען נישט? איך קען נישט צו־זען, ווי יענער נאַרט זיך אָפּ!

— האָסטו באַדאַרפט געבוירן ווערן דעם מיליאָנער ראָק־פעלערס אַ זון, וואָלסטו נישט באַדאַרפט זאָרגן פאַר פּרנסה! אָבער, כל זמן דו ביסט אַ ייד און אַביון מיט פיר פּיצלעך קינדער, מוזסטו דרייען, שווינדלען, ליגן, אַבי צו פאַרדינען!

אַ קונה איז אַריין און געבעטן אַ הערינג. העשל איז אונ־טערגעלאָפן צום פעסל און גענומען שאַרן מיטן לעפל איבער די הערינג, זיי איבערדרייען מיט די בייכער ארויף און אי־בערקלייבן. דער קונה האָט אָבער ניט געהאַט אַזוי פיל צייט צו וואַרטן. איז ער געוואָרן אומגעדולדיק און פאַרגעוואָרפן:

— וואָס דויערט עס ביי אייך אַזוי לאַנג? מ'דאַרף אפשר גיין אין ים כאַפּן אַ הערינג?

— איך וויל פאַר אייך — האָט העשל זיך פאַרענטפערט — געפינען דעם אמתן הערינג...

לסוף איז דער קונה נישט געווען צופרידן פונם פּרייז. ער האָט געפּרואווט זיך דינגען. קיין מבין, ווייזט אויס, איז

ער נישט געווען, נאָר דינגען זיך איז נישט קיין שווערע תורה. ווער קען זיך דאָס נישט דינגען?

— צו־טייער! — האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מבין — איר קענט עפּעס אַראָפּלאָזן?

— ניין, אויפן ערן־וואָרט! — האָט העשל געשוואוירן.

— נעמט בעסער אַן אַנדערן הערינג. וואָס איך האָב, איז עס ביליקער און איך שווער אייך, אַז ערגער איז ער נישט. טאַקע, וואָס דאַרפט איר צאָלן טייערער? וואָס, אַ גרויסע זאַך? עמיצער וועט אייך נאָכקוקן, צי איר עסט אַ טייערן אָדער אַ ביליקערן הערינג? דער בויך האָט דען אַ פענצטער? טאַקע, צו וואָס איבערצאָלן?

אַ צווייטער קונה, וואָס האָט געוואַרט, האָט פאַרלוירן די געדולד צו וואַרטן און האָט זיך אַרויסגערוקט פון געוועלב מיט אַ געבייזער.

העשל איז צוגעלאָפן צו דער טיר, נאָכגעשריען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

דערווייל האָט אויך דער ערשטער קונה פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צו קויפן.

— דער הערינג געפעלט מיר טאַקע נישט. — האָט ער געזאָגט — ווייסט איר גאָר וואָס?

— כ'ווייס, כ'ווייס! — פּרואווט העשל טרעפן — איר ווילט אין גאַנצן נישט קיין הערינג! וועל איך אייך זאָגן דעם אמת: פאַר דאָס געלט קען מען טאַקע האָבן עפּעס בעסערס... איך האָב אויך פיינט הערינג. כ'קען דעם ריח נישט פאַרטראָגן. נעמט בעסער אַ שטיקל פּאַסטראָמע! כ'לעבן, אַ סך געזינטער און געשמאַקער. כ'ווייס טאַקע נישט, וואָס מען מאַכט עס אַזאַ צימעס פון הערינג? ווען מען פרעגט מיך, וואָלט מען געקענט אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן און דאָס נישט פאַרזוכן...

דאָס ווייב איז אַריינגעקומען אין קלייט מיט אַ קינד אויף איין האַנט און פירנדיק אַ צווייטס מיט דער צווייטער האַנט. זי האָט געהערט די לעצטע ווערטער, איז זי געוואָרן אַן אויפגעקאָכטע און האָט קוויטשיק אויסגעשריען:

— העשל! הע... של! די קינדער ווילן עסן... הערסט?!

דער קונה האָט זיך אומגעקוקט, נישט פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס דאָס ווייב פאַלט אַריין אין די רייד, און געזאָגט:

— זאָל שוין מיין ווייב קויפן! איך וועל זי באַלד צושיקן.
און ער איז אַרוים מיט לײדיקע הענט.
איז דאָס ווייב געוואָרן אויסער זיך:
— אַ מענטש זאָל עס זיין אַזאַ טויגעניכטן! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן?
האָט העשל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פאַרענטפערט:
— אַז איך קען נישט אָפּנאַרן! וואָס ווילסטו פון מיר האָבן? אַז איך קען פאַרט נישט אָפּנאַרן?!
— אָפּנאַרן? ווער הייסט דיר אָפּנאַרן? פאַרטרייב מיר נאָר נישט די קונים! אָבער דו פאַרטרייבסט דאָך די קונים!
— מיט וואָס?
—מיט וואָס, פרעגסטו נאָך? מיט דײַנע עצות! ווער הייסט דיר געבן אַלעמען עצות? אַז אַ ייד האַלט שוין אַ הערינג אין האַנט און וויל באַצאָלן, איז ווער הייסט דיר זאָגן, אַז ס'איז דאָ פּונקט אַזאַ, וואָס קאָסט נאָך ביליקער? ווער הייסט דיר זאָגן דײַן מיינונג? מ'צאָלט דיר פאַר זאָגן דעות? העשל, קאַליקע וואָס דו ביסט! — האָט ס'ווייב געשריען און אַריין אין היסטעריע און געטופּעט מיט די פיס — וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיינע יאָרן?
דער מאַן האָט אויסגעהערט און, ווען די יידענע האָט אויפגעהערט שרייען, אָפּגעענטפערט:
— איך האָב זיך אָנגעזעצט? דו האָסט זיך אָנגעזעצט! דו ביסט שולדיק! איך בין אַלעמאָל מיר געוועזן אַ סטאָליער און אַ סטאָליער האָב איך געוואָלט בלייבן. כ'האָב געפירט אַ שטיל, ערלעך לעבן און אַזאַ ערלעך לעבן פון אַן אָרימען אַרבעטער האָב איך ווייטער געוואָלט פירן. האָבן זיך דיר פאַרוואָלט געשעפטעלעך, האָבן זיך דיר פאַרוואָלט! אָבער, אַז איך קען דאָס נישט? אַז איך וויל ערלעך פאַרדינען? אַז איך קען ניט צוקוקן, ווי מענטשן נאַרן זיך אָפּ? אַז איך קען נישט און טו מיר עפּעס!...
אַ שוואַרצער קאָטער, פאַרהויבן דעם עק, האָט זיך צוגעקוקט מיט פאַרוואונדערטע גרינע אויגן אויף צעבייזערטע מאַן־און־ווייב, וואָס זיינען געשטאַנען איינע קעגן די אַנדערע ווי בלוטיקע שונאים.



## ביי דער אַרבעט

ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז פּייוול וויל אוועקגיין אין אַ גרויסער פאַבריק אַרבעטן. יעדעס מאָל, ווען ער געפינט זיך אויף מיטינגען פון זיין פּאַרטיי און הערט וועגן קלאַסנ־קאַמף, דערזעט ער זיין אומבאַהאָלפנקייט. ער דערשפּירט, אַז צווישן אים און דעם באַלעבאָס איז גאָר נישטאָ די קלאַ־סן־ליניע, וועגן וועלכער אַלע ריידן. וואָס פאַר אַ קלאַסנ־קאַמף איז ביי אים? פאַרקערט, ביי אים איז גאָר דאָ אַ פריינדלעכע פאַרשטענדיקונג מיטן באַלעבעסל פון זיין פאַ־בריקל. ווען ער דאַרף אָפּנעמען זיין לוין און דער באַלעבאָס שטעלט זיך קעגן אים פאַרענטפערן, אַז ער האָט נישט גע־קראָגן דאָס געלט, וואָס ער האָט באַדאַרפט אָפּנעמען, באַ־פאַלט אים אַ רחמנות אויפן באַלעבאָס. דער יונגערמאַנטשיק זעט אויס אין זיינע אויגן מער־אומבאַהאָלפן ווי ער אַליין, אָרימער פון אים, שוואַכער פון אים. ער גלייבט אים. ער איז איבערצייגט, אַז יענער פאַרדעקט נישט פון אים קיין האָר. יענער כאַפּט אַרום די פאַקטורעס, פאַר וועלכע ער באַדאַרפט קריגן געלט און האָט נישט געקראָגן. יענער כאַפּט אַרום די רעכן־ביכער און באַווייזט אים, פּייוולען, אַז ער האָט די גאַנצע וואָך נישט געהאַט פון וואַנען צו געבן אַ טאָלער אין שטוב אַריין. יענער קערט גלייך איבער די קע־שענע און ווייזט אים, אַז ער פאַרמאָגט צוואַנציק סענט ביי דער נשמה. באַפאַלט דעמאָלט פּייוולען אַזאַ רחמנות צו דעם באַלעבאָס זיינעם, אַז ער פאַרגעסט אין גאַנצן אין דעם קלאַסנקאַמף, וועגן וועלכן ער הערט זיך אָן. דאַכט זיך אים, אַז ווען ער וואָלט געהאַט, וואָלט ער גאָר געליען דעם באַ־לעבאָס זיינע עטלעכע טאָלער, ער זאָל האָבן אויף ברויט אין שטוב...

— פאַרפאַלן... — גיט ער אים נאָך, ווען ער קריגט נישט באַצאָלט קיין איין סענט פאַר דער וואָך אַרבעט — איך

פארשטייט אליין, אז ס'איז נישט אזוי גוט, צו קומען אהיים אָן א סענט... אָבער, אז איר האָט איצטער נישט... איך זע דאָך... נאָר זעט, אז מאַנטיק...

— וואָס רעדט איר? — פארענטפערט זיך היים דער באַ־לעבאָס — איר דאַרפט מיר נאָך זאָגן? איר זעט דאָך אליין, אז איך האָב באַדאַרפט היינט קריגן געלט... גיט א קוק!

און ער כאַפּט ווידער ארויס פּאַפּירן.

שטייט פייוול ביי דער טיר פונם פאבריקל, וואו ער איז דער איינציקער ארבעטער, און פילט נישט קיין שפּור פון האַס צו זיין באַלעבאָס, וועלכער עקספּלאָטירט אים.

— גיי, שטרייק! — רעדט ער צו זיך אליין אָן ווערטער — קעגן וועמען? מיט וועמען? פאראייניק זיך! מיט וועמען איז דאָ פאראַן זיך צו פאראייניקן?

ער דערפילט איצטער א רחמנות אויף זיך אליין און עס הייבט אין אים אָן ווידער בויערן דער געדאנק, אז צום ערגסטן איז צו זיין אַן ארבעטער אין א קליינעם פאבריקל, וואו מ'האָט דעם באַלעבאָס ביי דער האַנט און וואו ס'איז אָפּטמאָל נישטאָ מיט וועמען און קעגן וועמען צו קעמפן. ער וויל דעמאָלט וואָס־גיכער אריין אין א גרויסער פאבריק, וואו ער זאָל קענען זיין פאראייניקט מיט נאָך הונדערטער אָדער טויזנטער ווי ער, וואו ער זאָל נישט דאַרפן רחמנות־האָבן אויפן באַלעבאָס און וואו ער זאָל נישט דאַרפן אוים־הערן פון באַלעבאָס' די אַלע פאַרענטפערונגען.

אָבער, אז עס גייען אריבער עטלעכע טעג און ער קריגט אָפּ זיין חוב, פייוול, צומאָל א טייל פון דעם חוב, פאַר־גייט ביי אים דער חשק איבערצולאָזן דאָס קליינע פאבריקל.

— וואו וועל איך זיך דען פילן אזוי פריי ווי דאָ? — רעדט ער צו זיך — וואו וועל איך זיין ווי ביי מיר אין שטוב, אזוי ווי דאָ? ער איז דאָך פאָרט א גוט מענטשל...

אין מיטן טראַכטן כאַפּט זיך פייוול, אז עס איז א זינד צו ריידן מיט אזא פריינדלעכקייט וועגן א באַלעבאָס, אָבער ער קען ניט אָפּשטעלן דאָס טראַכטן, וואָס לויפט אויסער זיין ווילן, אין אים, דורך אים, ארום אים.

◆

# אין בלוט

צלאל וואוינט מיטן זון אין איין הויז, כאָטש דער זון איז שוין אַ חתונה־געהאַטער, נאָר הויזן מיט אים קען ער נישט. מאָשע, דער זון, האָט יעדן טאָג מענות צום טאַטן. ער גייט מיט אים צוזאַמען אין דער פאַבריק, אין איין פאַבריק, נאָר מענות האָט ער צו אים אָן אויפהער. עס געפעלט אים נישט, מאָשען, וואָס דער טאַטע גריסט זיך אַזוי הכנעהדיק צום באַלעבאָס, הלמאַי ער קוקט אַזוי פאָלגנדיק דעם באַלעבאָס אין מויל אַריין, ווען ער באַווייזט זיך צווישן די מאַשינען און דערציילט עפּעס.

— טאַטע, — זאָגט מאָשע — וואָס דאַרפסטו צו אים אַזוי שמייכלען, צו דעם באַלעבאָס? פאַר וועלכע מעשים טו־בים? דאַכט זיך, דו האָרעוועסט ערלעך אויף דעם שטיקל ברויט?

פאַרשטייט נישט צלאל די רייד און שיקט זיי דעם זון צוריק:

— כ'וויים נישט, אין וועמען דו ביסט געראָטן? — שטראָפט ער אים — וואָס האָסטו אַזוי צו זיין בייז אויפן באַלעבאָס? ער האָט דיר די גענדז געקוילעט? וואָס? צו וואָס זיין אַזאַ ביטערער מענטש? באשר בכן, ער איז רייך און דו ביסט אַן אַרבעטער? ביי דיר האָט ער עס צוגענומען?

צעהיצט זיך מאָשע:

— אוודאי ביי מיר! נאָר פון וועמען איז ער רייך גע־וואָרן? פון זיין חכמה? אוודאי פון מיין און פון דיין בלוט און שווייס! מיר האָבן געהאָרעוועט, אויסגעריסן געוואָרן און ער האָט אָנגעשאַרט געלד אין די קעשענעס!

פאַרשטייט ניט צלאל דעם שכל:

— פון דיר? פון מיר? מ'שטיינס געזאָגט, וואָס ער האָט שוין פון אונדז געקענט אַראָפּשאַרן גאָלד...

דאָס ערגערט מאָשען אויף און ער לאָזט דעם טאַטן ווי־סן:

— אָ, דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! צוליב אַזעלכע אַר־בעטער, ווי דו, איז דער פּראָלעטאַריאַט אויף אַזעלכע גע־האַקטע צרות!

— איי, איי, איי... — קרימט איבער צלאל — שמאָלע־טאַריאַט... צרות... אַ שיין פּנים האָסטו! שוין צייט, כ'לע־בן, זאָלסט ווערן אַ מענטש און זיך אָפּלאָזן פון די ציצי־ליסטלעך און קאָמוניסטלעך! יינגלעך! שוויצערס! וועסט זיך דאַרטן אַ סך אָפּלערנען... פון דעם וועסטו קענען אויס־האַלטן אַ ווייב און אַ קינד... אַז וואָס איז דער וואונדער? אַז לערנען האָסטו נישט געלערנט! צווישן באַלעבאַטישע מענטשן געפינסטו זיך נישט! ס'פּאַסט דיר נישט! און וואָס פּאַר אַ לייט עס קען שוין פון דיר אַרויסקומען, מ'שטיינס געזאָגט?!

הערט מאָשע אויס און קלערט: בעסער איז ניט צו ענט־פערן. וויפל מאָל איז דער שיער צו ריידן די זעלביקע רייד? אַלע רייד זיינען געווען אַרויסגעוואָרפן. ער האָט שוין דעם טאַטן נישט איין מאָל געזאָגט אַלצדינג, וואָס ער האָט גע־האַט צו זאָגן. און עס האָט נישט געהאָלפן. פיל מאָל האָט דער טאַטע זיך אויפגערעגט און דעם גאַנצן טאָג אַרומגע־גאַנגען אַ צעקלעמטער. מאָשע האָט נאָכדעם חרטה־געהאַט, הלמאי ער האָט דעם טאַטן פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת־נפש. צלאל האָט אין אַזעלכע טעג נישט געוואָלט צום טיש זיך זעצן. האָט נישט געוואָלט עסן. און עס האָט נישט געהאָל־פן, וואָס רבקה, ס'ווייב, האָט זיך ביי אים געבעטן:

— אַ לאַך אין הימל! טאָמער מ'האָט זיך דורכגעווערטלט, איז וואָס איז דאָ אַזוינס געשען? וואָס? איבער דעם דאַרף מען שוין נישט עסן און אַרומגיין אַ ברוגזער אויף דער גאַנצער וועלט?

צלאל ענטפערט נישט. נאָר, אַז ער קען שוין מער נישט אויסהערן איינע און די זעלביקע רייד, בעט ער זיך איין ביים ווייב:

— רבקה, רבקה, הער שוין אויף! וואָס וויסטו אין די

זאכן? שיינע יאָרן האָב איך דערלעבט, אַז מיין זון זאָל מיר וועלן לערנען שכל... שיינע יאָרן דערלעבט, אַז מיין קינד זאָל מיר זאָגן, אַז איך בין אַ פּאַשיסט... דו האָסט געהערט? און צוליב וואָס? נו, גיי איך נישט אין פאַבריק ימים־נוראים, פּסח אָדער סוכּות!... געהערט אַ חטא? וואָס איז? טאָמער רייד איך מיטן באַלעבאָס ווי מיט אַ מענטשן... ער וואָלט געוואָלט, מאַשע, איך זאָל באַטראַכטן דעם באַלעבאָס ווי אַ הונט... וואָס, איך טאָר ניט זיין קיין מיטגליד אין פאַראיין, וואו דער באַלעבאָס איז דער פּרעזידענט... בין איך דערפאַר אַ פאַשיסט... שטער איך דערמיט די אַרבעטער צו מאַכן אַ בעסער לעבן... דו הערסט, רבקה? נו, דאַרף איך זיך נישט באַגראָבן אַ לעבעדיקער, וואָס איך האָב דערלעבט? אַ גאַנץ לעבן אַן אַרבעטער ביי יענעם אין פאַבריק, בין איך אויף דער עלטער געוואָרן ביים אייגענעם זון אַ משרת פאַר די קאַפּיטאַליסטן... געהערט אַזוינס?

מאַשע, וועלכער זיצט אין הויף און טרינקט מאַטע, ליינט צו אַן אויער צום טאַטנס צימער. עס קרענקט אים, הלמאַי דער טאַטע פאַרשטייט נישט, אַז אייגנטלעך וויל ער אויך זיין טובה. דאָס וואָרט „פאַשיסט" קלינגט אָפּ אין זיינע אויערן ווי אַ פּאַטש. אַנטשליסט ער זיך און גייט אומזיכער אַריין אין צימער, הערט אויס די לעצטע רייד, און נאָכדעם זוכט ער אָפּצוהאַקן די שפּיצן:

— טאַ־טע... טאַ־טע! — בעט ער זיך — וועמענס טובה וויל איך דען? פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט? ווי קענסטו, אַן אַלטער אַרבעטער, אין דער צייט וואָס מיר האָבן נעכטן גערעדט פון אַרויסגיין אין שטרייק, גאָר אַרויסטרעטן קעגן? ווי האָט זיך צו דיר צו גענומען כּוח דאָס צו טאָן? וואָס, ס'איז דיר צו־גוט? וואָס, דו האָסט מורא, אַז דער באַלעבאָס וועט האָבן אין קעשענע עטלעכע פּעזעס ווייניקער? וואָס? פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט?

צלאל האָט שטאַרק אָנגעשטרענגט דאָס פּנים, איינגעקנייטשט דעם שטערן, גלייך ווי ער וואָלט זיך באַמיט מיט זיין גאַנצן פאַרשטאַנד צו באַגרייפן אַ שווערן געדאַנק.



# פריינד

פריינד זיינען זיי געווען נאָך פון די אמאָליקע יאָרן, ווען זיי האָבן צוזאמען געאַרבעט אין דער פאבריק. מענדל איז געבליבן אין דער פאבריק אַרבעטן און שעפּסל איז אוועק און געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך, אַ פאבריקאַנט. מענדלס קינדער האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין אָרימקייט און, אויס־וואַקסנדיק, זיינען זיי געגאַנגען אַרבעטן, ווער אויף אַ שטע־לע אין אַ געשעפט און ווער אין אַ פאבריק. שעפּסלס קינ־דער, דערצויגענע אויף פאַרגעניגנס און וואוילטאָג, האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען. און, כאָטש קיינער פון זיי איז נאָך נישט קיין אויסגעשטודירטער, האַלט עס אָבער נישט ווייט דערפון, אַז ער זאָל דאַרפן אויפהענגען עטלעכע דיפּלאָמען אויף די ווענט. שעפּסל זאָרגט זיך פאַר דעם זיי־ער־שטאַרק. ער וועט דאַרפן אַרויסגיין אין אַ נייער דירה, זאָגט ער, ווייל ער וועט דאַרפן איינאָרדענען די קינדער מיט קאַבינעטן און ער וויל דווקא, שעפּסל, וואוינען צוזאַ־מען מיט די קינדער.

— דיר — זאָגט ער צו מענדלען — איז גוט. דו האָסט נישט די אַלע דאגות. ביסט רואיק. אָבער, איך? דער קאָפּ ווערט דאָך מיר צעשפּאָלטן...

טרייסט אים מענדל:

— זינדיק נישט מיט די רייד, זינדיק נישט!

— אַז דו ווייסט דען, וואָס דו רעדסט? — וויל שעפּסל דווקא זינדיקן מיט די רייד און איבערצייגן, אַז ער מעג זינדיקן — ווען דו זאָלסט נאָר איין טאָג אַריינגיין אין מיין לאַגע, וואָלסטו געפילט, אַז איך דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן, אויב איך האַלט עס אויס.

מענדל, וועלכער איז מיט שעפּסלען פּאַרטנאָר אין דער דאַמקע, וואָס ער שפּילט מיט אים גערן, אַזוי גערן, אַז מען

ווייסט נישט, צי שפּילט ער אין דאַמקע, ווייל ער קומט צו־גאַסט, אָדער ער קומט צו־גאַסט, כדי צו שפּילן אין דאַמקע. שעפּסל קוקט אָבער איצט נישט אויפן שאַכברעט, נאָר באַטראַכט מענדלען און גיט אים אַ דערמאָן:

— וואָס ביסטו עס אַזוי פאַרטאָן, אַז דו הערסט נישט קיין מענטשן? איך רייד דאָך צו דיר עפּעס!

— יאָ, יאָ, — ענטפערט מענדל און הייבט נישט אויף די אויגן — כ'האָב געהערט, כ'האָב געהערט. וואָס וואָלסטו געוואָלט? איך זאָל דיר קוקן אין מויל אריין, ווי דו רעדסט?

— נו, און אַז איך וואָלט געוואָלט, איז וואָס? — שטייט צו שעפּסל — אַן עוולה?

ווייל מענדל נישט פאַרפירן צו־ווייט דעם שמועס און רוקט אָפּ ס'ברעטל אין אַ זייט, זאָגנדיק:

— נו, כ'הער. אַצינד ביסטו שוין צופרידן?

— אָט אַזוי ביסטו אַ מענטש! — איז שעפּסל צופרידן — אַניט וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דו קומסט בלויז צוליב דער דאַמקע...

— און, אַז צוליב דער דאַמקע, איז וואָס? איז טריף?

— מע, דאַמקע, אויך מיר אַ פאַרגעניגן!

— דו קענסט זיך זאָגן „אויך מיר אַ פאַרגעניגן!" — ווערט מענדל ערנסט — אַז מ'האָט אַזאַ שטוב, ווי דו האָסט, און אַ קאָטש, און געלט אין קעשענע, וויפל מ'דאַרף, קען מען זיך פאַרגינען צו זאָגן אויף אַ דאַמקע „אויך מיר אַ פאַרגעניגן!". אָבער, אַז איך האָב נישט די אַלע זאַכן, איז ביי מיר אַ דאַמקע שוין איין מאָל אַ גרויס פאַרגעניגן. ווייל, פאַרוואָס, מיינסטו, קען איך צו דיר קומען אַזוי אָפט? ווייל איך וואוין נישט ווייט און קען צוקומען צופוס. אָבער, ווען איך וואָלט געוואוינט ווייט, וואָלט איך זיך טאַקע נישט געקענט פאַרגינען אויסצוגעבן אַזוי פיל געלט אויף פאָרן..

— נאַ דיר! הייבט זיך אָן אַ מעשה! — איז שעפּסל ניט צופרידן מיט די רייד — פון דעסטוועגן וויים איך נישט, ווער פון אונדז לעבט רואיקער, איך צי דו...

— פּאַלאַזשים...

— אוודאי, דיר רעדט זיך עס אַזוי גרינג. דו ווייסט נישט, וואָס דאָס מיינט.

— וואָס מיינט עס?

— עס מיינט, קיינמאָל נישט האָבן קיין רואיקע מינוט. דער מוח ווערט דאָך גאַנצענע טעג צעשפּאָלטן!

— צעשפּאָלטן?

— לאָך, לאָך! דיר לאַכט זיך, ווייל דו קענסט נישט דעם טעם. דו וואָלסט נאָר איין מאָל באַדאַרפט הייבן אַ וועקסל פון אַ דרייסיק טויזנט טאָלער, ווען ס'איז נישטאָ קיין דרייסיק טויזנט סענט אין קאַסע, וואָלסטו שוין געוואוסט!

— אַזוי?! אַ־וואַ!

— אוודאי, וואָס ווייסטו? דיינע קינדער דאַרפן נישט האָבן קיין אוניווערסיטעט, מיט ביכער, מיט פּראָפעסאָרן, מיט קלובן... און, אַז ס'איז נישטאָ צום קלוב אַ גוטע קאָמוניקאַציע, נעמען זיי מיר צו דעם אויטאָמאָביל אויף גאַנצענע טעג און איך האָב געמוזט מיר קויפן אַ צווייטן קאַטש. און דאָס אַליץ קאָסט! ווייסטו פון דעם? און אַז עס שטייען עטלעכע נישט־פּאַרדונגענע דעפּאַרטאַמענטן?... און די שטייערן לויפן אַליץ־איינס, פּונקט ווי די דעפּאַרטאַמענטן וואָלטן יאָ געווען פּאַרדונגען... און די פאַבריק? צי מ'פּאַרקויפט יאָ די סחורה, צי מ'פּאַרקויפט נישט, נאָר די פאַבריק אָפּשטעלן ווילט זיך נישט... פון וואַנען־זשע נעמט מען אַזוי פיל געלט, צו אַרבעטן אויף לאַגער? פון די אַלע קאָפּ־דרייעניש הייבסטו נישט אָן צו וויסן! דו ביסט זיך אַן אַרבעטער און די ביסט דיר גליקלעך! דו ווייסט: דאָס און דאָס פאַרדינסטו דעם חודש און אַזוי פיל און אַזוי פיל מעגסטו אויסגעבן. אָבער איך האָב אַזוי פיל צו זאָרגן, אַז דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר...

מענדלס פּנים איז געוואָרן אָנגעכמורעט. שעפּסלען האָט זיך דעריבער אויסגעוויזן, אַז דער אַלטער פריינד האָט אים סוף כל סוף פאַרשטאַנען און פילט אים מיט.



# פון גרויס נחת

דער אַלטער קלמן איז ניט־צופרידן פון זיין עלטער.

— קלמן, — זאָגן צו אים פריינד און באַקאַנטע —, איר זינדיקט מיט די רייד!

— איך זינדיק? — רעדט ער קעגן — מיט וואָס האָב איך דאָ צו זיין אַזוי צופרידן? וואָס? איך האָב עסן צו דער זעט? נו, דאָס איז שוין אַלץ? מער ווי עסן דאַרף שוין אַ מענטש גאָרנישט?

קלמן האָט איבערגעגעבן די זין דאָס געשעפט און ער אַליין איז געבליבן מיט אַ חלק אין די פאַרדינסטן. פון אָנהייב איז ער געווען גליקלעך. דאָס איז געווען זיין חלום. מיט דעם פּלאַן איז ער געקומען צו די קינדער, אַ יאָר נאָך דער חתונה פון זיין יינגסטן זון, טעאָדאָראַ. ער האָט זיי צונויפגענומען, די קינדער, און געזאָגט:

— נו, ווי לאַנג איז דער שיער? שוין נישט ביי מיינע יאָרן צו האָרעווען. די מאַמע, עליה השלום, האָט שטענדיק פון דעם גערעדט. „אַז מיר וועלן ווערן „דיד אי באַבאַ", פלעגט זי זאָגן, „וועלן מיר די קינדער איבערגעבן די געשעפטן און זאָלן ז י י ברענגען אַ וועלט"! נו, שוין... אריבער די פינף־און־זעכציק... נישט מיט אַלעמען... נישט ביי די אַמאָליקע כוחות... אַליין... נישט דער קאָפּ דערביי... טאָ לעבט אייך געזונט און שטאַרק און נעמט איר איבער די געשעפטן!

האָבן די קינדער אַרויסגעוויזן דרך־ארץ דעם טאַטן און נישט געוואָלט בייטן די פירמע. דאָס געשעפט, האָבן זיי געזאָגט, בלייבט ווי געווען. נישט מער, וואָס דער עלטסטער זון וועט האָבן צו פירן ס'געשעפט צוזאַמען מיט די אַנדערע

פיר ברידער. איז וואָס וועט אים פעלן, דעם טאַטן?

אין די ערשטע טעג האָט דער אַלטער קלמן זיך דערפילט אַ פרייער מענטש. ער איז אַרומגעגאַנגען צו אַלע באַקאַנטע און פריינד און ברייטלעך דערציילט, ווי ער האָט איבערגעגעבן דאָס געשעפט צו די קינדער און אַליין איז ער ענדלעך געוואָרן אַ פרייער מענטש. האָבן אים מענטשן מקנא־געווען:

— אוודאי! אַזאַ מענטש, ווי קלמן יערוזאַלימסקי, דאַרף דען נאָך אַרבעטן? עס פעלט אים אויף ברויט? הלוואי אויף אונדז געזאָגט געוואָרן!

אָבער, וואָס־מער ער האָט דערציילט, קלמן, וועגן זיין נייעם פרייען לעבן, אַלץ־מער האָט ער דערשפּירט ווייניקער אינטערעס אין דעם דערציילן. די טעג זיינען פאַר אים געוואָרן לענגער און לענגער. געווען שעהן, ווען ער האָט געקוקט אויפן זייגער און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ווייזערס רוקן זיך כמעט נישט. די שטוב איז פאַר אים געוואָרן אומהיימלעך. דער יינגסטער זון, מיט וועמען ער האָט געוואוינט, איז געווען זעלטן אין דער היים. די שנור איז גאַנצענע טעג געווען ביי איר מאַמען, ביי חברטעס, אָדער מ'איז צו איר געקומען. אַליין בלייבן אין שטוב? ס'איז עפּעס אַזוי אומעטיק. האָט ער זיך גענומען צום לייענען אַ צייטונג. נאָר דאָס איז אים שנעל נמאס־געוואָרן. נישט געהאַט קיין געדולד. דער קאָפּ איז אים נישט געווען דערביי. זיינע אויגן האָבן געקוקט אויף די ווערטער, נאָר נישט געלייענט. האָט ער זיך צוגעלייגט, איינגעדרימלט. נאָר לאַנג שלאָפן האָט ער נישט געקענט:

— וויפל איז דען דער שיער צו שלאָפן? נישט האָבן קיין צייט צו שלאָפן אין קבר?

אַזוי האָט קלמן געזאָגט צו די קינדער, ווען ער האָט גענומען אויפסניי זיך באַווייזן אָפטער אין געשעפט. און, ווען די קינדער האָבן אים געשיקט אַהיים זיך אָפּרוען, זיך צולייגן, זיך אויסשלאָפן, האָט ער געענטפערט:

— וויפל איז דער שיער צו שלאָפן? און וואָס וועל איך טאָן אין קבר, אויב איך וועל פאַרשלאָפן די עטלעכע יאָר, וואָס מיר איז נאָך באַשערט צו לעבן?

די קינדער איז אָבער נישט געפעלן געוואָרן, הלמאי דער טאַטע האָט ווידער זיך גענומען אַריינמישן אין געשעפט,

ריידן מיט קונים, נעמען ווייזן אַ שטיקל סחורה. דאָס האָט זיי פאַרדראָסן. און, כאָטש, זיי האָבן געזוכט וואָס־ווייני־קער ארויסצואווייזן דעם פאַרדראָס אין ווערטער, דאָך האָבן זיי געפילט פאַר גייטיק זיך אָנצונעמען פאַרן טאַטנס כבוד:

— טאַטע! זאָג דו אַליין: איז פאַר דיר אַן ארבעט צו קריכן אויף אַ פּאָליצע, אראָפּצונעמען אַ שטיקל סחורה? אויף וואָס זיינען דאָ אָנגעשטעלטע? פּאַסט דאָס, אַז דער גרויסער סוחר קאַרלאָס יערוזאַלימסקי זאָל טאָן די ארבעט פון אַ פּראָסטן אָנגעשטעלטן?

דער אַלטער קלמן האָט צונישט געמאַכט דעם יחוס:

— ע, אַ דאגה! קיינער פון אונדז איז נישט געבוירן גע־וואָרן אין אַ זיידן העמדל...

— אָבער, טאַטע, אין דיין עלטער?

— נו, איז וואָס? איך טו דען עס צוליב פּרנסה?

— אָבער, וואָלסטו דאָס פריער געטאָן? — שטייען צו די קינדער.

— פריער, — דערקלערט קלמן —, וואָלט איך עס טאַקע נישט געטאָן, ווייל כ'האָב געהאַט גענוג אַנדערע זאַכן צו טאָן. נאָר איצטער? איך טו דען עס צוליב פּרנסה? כ'וויל דאָך בלויז די צייט פאַרטרייבן...

פאַרדריסט עס די קינדער און זיי קענען דעם טאַטן ניט פאַרשווייגן, ביז ער, קלמן, גייט אוועק פון געשעפט אַ דער־שלאָגענער, ווי אַ נשרף.

אַ מאָל, אַז די קינדער ריידן זיך מיט אים דורך אין שטוב, גיסט ער אויס זיין האַרץ:

— גיט מיר עפּעס צו טאָן! — בעט ער זיך — איך האָב אייך געגעבן אַ געשעפט? טאָ גיט מיר אויך עפּעס צו טאָן! איך וועל דאָך פון ארומגיין ליידיק פּשוט פון זינען אראָפּ־גיין!

און, אַז ער פּועלט גאָרנישט אויס, ווייל די קינדער ריידן אים אָפּ פון אריינמישן זיך אין זאַכן, וואָס פּאַסן נישט פאַר אים, קומט ער אַהיים אַ צעקלעמטער. ער וויל עפּעס ריידן און זיך אראָפּריידן פון האַרצן, אָבער ער ווייסט נישט, פון וואָס אָנצוהייבן.

די שנור זעט זיין פאַרלעגנהייט און פרעגט אים:

— שווער, איר ווילט עפּעס?

קוקט קלמן אַז די שנור, וואָס די געפּאַרבטע באַקן און ליפּן מאַכן איר פּאַר א ליאַלקע, קוקט זי אַז מיט רחמנות־דיקע אויגן. און רופט זיך לסוף אָפּ:

— און אפשר וואָלט שוין צייט געווען, איר זאָלט האָבן א קינד? שוין דריי יאָר נאָך דער חתונה... איז וויפל דער שיער צו וואַרטן? איר וואָלט אין זיך געהאַט א מצווה און איר וואָלט אין מיר געהאַט א מצווה... איר וואָלט אין מיר אַריינגעזעצט א נייע נשמה! איך וואָלט זיך מחיה־געווען. איך וואָלט געהאַט מיט וועמען זיך צו שפּילן און דעם טאָג פאַרברענגען...

קלמן, בעטנדיק זיך ביי דער שנור, זעט אויס ווי א קראַנ־קער, וואָס בעט זיך, מען זאָל אים ראַטעווען.

◆

## יורשים

ער האָט שווער געסאָפּעט, ווי א דאמף־מאשין. געלעגן מיט פארקוועטשטע אויגן און די ברוסט האָט זיך געהויבן ארויף און אראָפּ. ער האָט זיך געראנגלט מיטן טויט.

די דינסט איז געשטאנען ביי אים און אומעטיק געקוקט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. זי האָט יעדע ווײַלע צוגעלייגט די האַנט צום טיכל, געטאַפּט, צי ס׳וואסער איז שוין אויס־געטריקנט און עס געביטן, געטונקען אינם אייז־וואסער, אויס־געדריקט און איבערגעלאָזט בלויז די קעלט אויפן שטערן. פון דער קעלט האָט געשלאָגן א פּאַרע.

קרובים זיינען געשטאנען ביים אַלטנס געלעגער, מיט פאר־לייגטע הענט, אין דערוואַרטונג. זיי האָבן זיך איבערגעוואָר־פן מיט בליקן און געשאָקלט מיט די קעפּ:

— וואָס זאָגט איר?

— ווער וויים, צי ער וועט די נאַכט אריבערטראָגן!...

— מ׳זעט, עס גייען אים אוים די כוחות...

א קרובה האָט זיך געוואָנדן צו דער דינסט:

— גיי, מאַריאַ, לייג זיך צו! וועסטו שפּעטער זיך אויפ־הייבן און קענען זיצן ביינאכט.

— ניין, מ׳דאַרף נישט. — האָט די דינסט אָפּגעזאָגט — איך בין נישט מיד.

— גיי, גיי! — איז די קרובה צוגעשטאנען.

די דינסט האָט זיך געלאָזט איינבעטן און אוועק.

דעמאָלט האָבן די קרובים זיך גענומען דינגען צווישן זיך, איינע מיט די אַנדערע.

— גייט שלאָפן!

— גייט איר!

— אז איר וועט זיך אָפּרוען, וועלן מיר זיך בייטן!

— איז, גייט איר!

נאָך לאַנגן דינגען זיך איז פאַני געבליבן די איינציקע. זי

האָט זיך געשטעלט דעם אַלטן צוקאָפּנס, אָנגעשפּאַרט מיט דער נאָמבע אויף דער בראָנזענער שטאַנג און אַריינגעקוקט דעם קראַנקן אין די אויגן. זיי זיינען געווען פעסט פאַר־שלאָסן, די אויגן, ווייטיקדיק פאַרקוועטשט, ווי ער וואָלט מורא־געהאַט, דער קראַנקער, אַז דאָס פאַרטונקלטע ליכט פון לעמפּל זאָל זיך נישט אַריינרייסן אין אַ שפּעלטל און שטערן דעם שווערן סאָפּען פון גוף. פאַני האָט געוואָרפן אַ בליק צו די טירן. זי האָט קיינעם נישט געזען. אָנגעשטרענגט כ'געהער צום צווייטן צימער, נאָר גאָרנישט געהערט אַחוץ דעם כאָרכלען פון אַ צעהיצטער דאַמף־מאַשין. דאַן האָט זי זיך אַריבערגעבויגן איבער דער שטאַנג, נאָענטער צום אַלטנס פנים און שטיל געפרעגט:

— פעטער?

דער קראַנקער האָט נישט געענטפערט, ווי ער וואָלט גאָר־נישט געהערט.

האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט, מיט אַ ברייטערן שעפּ־טשען:

— פע־טער?...

ער האָט ווידער זיך נישט גערירט אויף איר רוף.

האָט זי גיך אַרונטערגערוקט אַ האַנט אונטערן קישן און גענומען גראַבלען, קוקנדיק, אָט צו דער טיר און אָט אויפן אַלטנס פאַרגעלטן פנים. און, אָנפּולנדיק די האַנט מיט שליס־לען, לאַנגזאַם זיי אַרויסגעצויגן און איינגעדריקט, זיי זאָלן זיך ניט צעקלינגען אויפן לאַנגן קייטל.

זי האָט נאָכאַמאָל אַ שעפּטשע־געטאָן צום אַלטן איבער זיין מויל:

— פע־טער...

און, נישט קריגנדיק קיין ענטפער, איז זי אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ צעשראָקענע קאַץ, צוגעשפּרונגען צו דער וואַנט און אויסגעפּרואווט אַ שליסעלע אין דער קאַסע. זי האָט אָנגעטראָפן, פאַני, אויף אייזן און אויסגעפּרואווט אַן אַנדער שליסעלע. ביז די טיר, אַ שווערע, גראָבע טיר, האָט לאַנגזאַם זיך אַרויסגערוקט פון דער אייזערנער ראַם.

פאַנים אויגן, צעפּייערטע, ציטערדיקע, זיינען געלאָפן אין שופלאָדן. די פינגער, צעפּייערטע און ציטערדיקע, האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין שנירלעך קרעלן, אין גילדענע קייטלעך

און פינגערלעך. ווי עס וואָלט איר געבריט די פינגער, אזוי האָט זי געכאַפּט, פּאַני, די צירונג, אַריינגעוואָרפן אין דער קעשענע פון קלייד, איינס נאָך איינס, צוגעדריקט און גיך גענומען פאַרמאַכן די קאַסע־טיר, שטיל, אין שרעק פאַר אַ שאָרך, קיינער זאָל זיך נישט אויפוועקן אין די דערבייאיקע צימערן.

זי האָט אַרויסגענומען די שליסלען, אַ באַרואיקטע, אַ גע־זעטיקטע, און זיך אויסגעדרייט. אין דעם מאָמענט האָט איר אַ שווינדל־געטאָן פאַר די אויגן, ווי עמיץ וואָלט איר מיט אַן אייזן אַ זעץ־געגעבן איבערן קאָפּ. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש, אָבער באַלד דעם קוויטש אין זיך דערשטיקט. זי האָט דערשפּירט ריגגען אויף אירע הענט, ווי אייזערנע רינ־גען, וועלכע האָבן אומברחמנותדיק געדריקט, און ווילד־אויפּ־געריסענע אויגן:

— צוליב דעם האָסטו עס אונדז געיאָגט, מיר זאָלן גיין שלאָפן? באַגנבענען? באַראַבעווען?

— אליין, הא? דיר קומט אַלץ?

— און מיר? מיר האָבן נישט אַזאַ חלק אין דער ירושה, פּונקט ווי דו? קלענערע יורשים ווי דו?

— איר אַלץ און אונדז גאָרנישט?

אין דעם פאַרטונקלטן ליכט פון דער שווער־גסיסהדיקער נאַכט האָבן פינף פרויען זיך געריסן אַרום איין קעשענע, בעת דער אַלטער קראַנקער, כאָרכלענדיק מיטן גאַנצן גוף ווי אַ דאַמף־מאַשין, האָט קוים־קוים געעפנט שפּעלטעלעך פון זיינע מאַטעריעדיקע אויגן־ווינקלען.

## צוויי פּאַפּיראָסן אין דער פינצטער

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. דאָס שמאָלע געסל אין פּאָרט איז געזונקען אין דער שטילקייט פון רואיקן שלאָף. פון דער ווייטנס האָבן געבלינצלט פונקען פון איינגעלאָשע־נע שיפן אויף די געשלענגלטע וועגן פון טייך. מענער מיט זוכנדיקע אויגן האָבן שווייגנדיק און אָנגעשטרענגט זיך דורכגעשלייכט הארט ביי די ווענט און די פנימער געוואָנדן צו די צוויי פּאַפּיראָסן, וואָס האָבן אויפגעלויכטן אין דער פינצטער. אַ פאַרבייגייענדיקער שאָטן האָט זיך דערנענ־טערט. די פּאַפּיראָסן האָבן זיך צעשיידט.

— טייערינקער... — האָט זיך געוואָנדן אַ פּאַפּיראָס — גייען מיר? קום! מיר׳ן גוט פאַרברענגען...

דער אַנדערער פּאַפּיראָס האָט איינגעדרעמלט, איינגע־שלונגען אין זיך דעם שיין, ווי אויסגעלאָשן. געוואַרט אויפן ענטפער. דער פרעמדער שאָטן האָט זיך איינגעקוקט אין יונג־מיידלשן פּנים מיט די שאַרף־אונטערגעשמירטע ליניעס. זיך געוואַקלט. אָט צוגעפאַלן אויף איין זייט, ווי אַ שאָל פון אַ וואָג, ווען מ׳וואַרפט אויף איר אַרויף אַ געוויכט, אָבער די שאָל שפּרינגט צוריק אַרויף, ווייל דאָס געוויכט איז צו לייכט. און דער אָנגעקומענער שאָטן האָט זיך אַוועקגעבויגן און אַוועק איינער אַליין. דאַן האָבן ביידע פּאַפּיראָסן ווידער זיך דערנענטערט, ווידער זיך אָנגעצונדן און געלאָזן אַ די־נעם רויך נאָך די שפּיציקע פונקען.

— אַן אַלטע פּאַדלע.

— איך בין פאַר אים צו־אַלט.

— ער זוכט איינע פון אַ יאָר דרייצן...

— געפּאַסט צו זיין מיין זיידע.

— טשעפּע נישט דיין זיידן! ער פלעגט געווים שלאָפן

אין דער צייט און אין זיין שופלאַד, נעבן בעט, איז מסתמא געלעגן אַ כשר חתונה־ביכל...

— גיי, גיי! הער אויף מיט דיינע שטיק!

— פאַרוואָס? ווילסט דאָס נישט הערן? דיינע אויערן קענען אַזעלכע רייד נישט פאַרטראָגן?

— באַסטאַ! גיב מיר בעסער אַן אַנדערן פּאַפּיראָס! אָט־אָ־דער גייט מיר שוין אויס.

— נאַ!

איין פּאַפּיראָס איז געוואָרן אויסגעלאָשן און אַ צווייטער אָנגעצונדן.

— רויכערסט צופיל, מאַרגאַ.

— באַ!

— עס שאַדט דיר.

— באַ! אַז עס שאַדט מיר נישט אַזאַ הינטיש לעבן, וועט מיר דער פּאַפּיראָס זיכער ניט שאַדטן...

— דאָס לעבן, מאַרגאַ, קען מען איבערבייטן. קיין לונגען קען מען אָבער נישט איבערבייטן.

— מיינסט אַזוי?

— און דו נישט?

— איך... אַ פּאַפּיראָס... דער פּאַפּיראָס וועט זיך אויסרויכערן און אַזוי וועט די יוגנט זיך אויסרויכערן, און ווי אַ פּאַפּיראָס וועט מען דאָס אַוועקוואַרפן...

— רייד נישט אַזוי!

— ווער וועט דאָס דאַרפן, נעגראַ? אויסגערויכערט און אַוועקגעוואָרפן... אָט, ווי דער אַש...

— רייד נישט אַזוי, מאַרגאַ! מיר וועלן חתונה־האָבן. און דו וועסט מער נישט גיין אין גאַס. אַרבעטן וועל איך פאַר דיר, מאַרגאַ, און...

— און דו וועסט מיר שטענדיק דערציילן שיינע מעשיות, אַז דו ווילסט אַרבעטן, נאָר דו האָסט נישט ביי וואָס...

— רייד נישט אַזוי, מאַרגאַ.

— אַך, לאָז מיך אָפּ! איך קען דיך.

— אָבער... הער מיך אויס...

— אַך, לאָז מיך אָפּ מיט דיינע רייד! איך קען זיי שוין, די רייד דיינע. שוין געהערט. וויפל מאָל ווילסטו מיר נאָך דערציילן די אַלטע זאַכן. שוין פיר יאָר אַזוי. און דערווייל

האָלסטו ביי מיר אין איין צונעמען אַלץ, וואָס איך פאַר־
דין. און איך האָב אַפילו נישט קיין רעכט קליידל אויף זיך.
— אָבער, דו ווייסט דאָך...
— אַהאַ, ווייס איך! ווען דו וואָלסט מיך באמת ליב־
געהאַט, וואָלסטו בעסער זיך אַליין אין וואַסער אַריינגע־
וואָרפן און מיר געהייסן זיך אַריינוואַרפן... איידער פירן
אַזאַ הינטיש לעבן, ווי דאָ, אין פּאָרט, אין שמוציקן געסל,
אַרום די שיכורים און בעסטיעס... נאָר וואָס רייד איך צו
דיר?
א שאָטן האָט זיך אַריינגעדרייט אין געסל און זיך דער־
נענטערט מיט פייערלעך אין די אויגן, ווי אָנגעצונדענע
לאַמטערן אין דער פינצטערער נאַכט. איין פּאַפּיראָס האָט
גיך זיך אַוועקגעשאַרט, געוואָרן אויסגעלאָשן און איבערגע־
לאָזט דעם צווייטן אַליין גיין דעם שאָטן אַנטקעגן.
— טייערינקער... — האָט זיך געוואָנדן דער פּאַפּיראָס
— גייען מיר? קום! מיר'ן גוט פאַרברענגען...
דער אָנקומענדיקער שאָטן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים
פּאַפּיראָס, געוואַרט אַ ווײַלע און נאָכדעם זיך צוגעטוליעט
צום רויך, וואָס האָט איינגעוויקלט אויפלייכטנדיקע פונקען,
און אַוועק הינטערן האַלב־דרימלענדיקן גאַסן־לאָמפּ.
דער צווייטער פּאַפּיראָס האָט געדולדיק געברענט. אי־
בערגעריסן, אויסגעלאָשן און ווידער געברענט. לסוף איז גע־
קומען אַ גרויס פון דער ווייטנס. אַ צווייטער פונק, אויפסניי־
אויפגעלויכטן, האָט זיך דערנענטערט אין דער נאַכט.
— וויפל?
צוויי הענט האָבן זיך באַגעגנט:
— נאַ דיר, נאַ! דער נדן מיינער... געמיינער יונג!
דער פּאַפּיראָס האָט זיך לעבעדיקער און פרייליכער אָנ־
געצונדן, באַלייכטנדיק צעקנייטשטע פּאַפּירלעך.

# III

אויף כוח
אַרום א פרוי
הינטער ווערטער
**אין קלעם**

# אויף כוח

די זון האָט ברייט זיך צעלייגט איבער די פיר ווענט פון קליינעם צימערל און מיט אירע שטראַלן אויסגעוואַשן יע־דעם ווינקעלע. דער קרישלדיקער קאַלך, אַ צעהיצטער, האָט געשלאָגן מיט דומפּיקייט און אַרויסגעיאָגט די לופט. עס האָט אויסגעפּעלט מיט וואָס צו אָטעמען און נישט געווען וואו זיך אויסבאַהאַלטן. די טיר פון צימערל האָט זיך שלעכט פאַרמאַכט און אין פענצטער האָבן געפעלט דריי שויבן.

אויפן בעט, אַרומגענומען פון דער בלענדנדיקער, זודיקער ליכטיקייט, איז קלמן געלעגן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ אַריבערגעצויגן, אַן איינגעקאָרטשעטער און צונויפגעדרייטער. די היץ איז דורכגעקראָכן דורך דער גראָבער וואַטענער קאָל־דרע, גענומען בריען אין קאָפּ און קראַצן אין די שלייפן. האָט דער בחור אַרויפגעשלעפּט נאָך אַ שטיקל קאָלדרע אי־בערן קאָפּ אַריבער און זיך נאָכמער צונויפגעדרייט, ביז די קאָלדרע איז אין גאַנצן אַראָפּגעקראָכן פון די פיס און גע־נומען גרייכן ביז צו די לענדן. דעמאָלט איז קלמן אַראָפּ פון געלעגער, האָט אַראָפּגעכאַפּט פון אַ טשוואָק אַ שוואַרצן גומענעם רעגנמאַנטל, אַן אויסגעשמירטן אין קאַלך, און עס אָנגעטשעפּעט אויף די פענצטער־לייסטן.

אין צימער איז געוואָרן טונקל.

קלמן האָט ווידער זיך אַ וואָרף־געטאָן אויפן בעטל. איצט האָט אים זיך געדאַכט, אַז די קישנס זיינען הייסער ווי די זון און ס׳איז אוממעגלעך אויף זיי צו ליגן. האָט ער זיך אוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט און גענומען זיך פאַר־

קוקן אין די שפּאַרעס, וואָס זיינען ביים פענצטער געבליבן נישט־פאַרדעקט. און, אַזוי זיצנדיק, אָפּגעציילט, ווי דער זייגער פון קלויסטער האָט געקלונגען צוועלף און איינס.

די באַלעבאָסטע האָט אַוועקגעלייגט ביי דער טיר בלעטער, וואָס מ'האָט געבראַכט. קלמן האָט אַרויסגעשטעקט אַ האַנט דורך דער אָפּגעלענטער טיר, מ'זאָל אים ניט זען אָן אויסגעטוענעם, און אַריינגענומען די ציימונגען. ער האָט בלויז איבערגעלייענט די טיטלען פון די ציימונגען און געזאָגט צו זיך:

— מ'דאַרף גיין אין גאַס. ס'איז דאָך היינט עפּעס זונטיק!

נאָר באַלד זיך פאַרקלערט:

— צו וועמען גיין? וואוהין? צו די יאַוואָרסקים? נישט כדאי! אַלטע מענטשן. וועלן ווידער דערציילן די צרות, וואָס זיי האָבן פון דער דירה אָדער וועלן בעטן אַ גמילת־חסדל...

מאָדנע טרויעריקע מענטשן, די יאַוואָרסקים. די מאַמע, די אַלטיטשקע, ווייזט יעדן, אַז זי האָט נישט קיין ציינער און קען נישט קייען. אַזוי יעדעס מאָל, ווען מ'קומט צו זיי. עפּעס אַזאַ פּינצטערניש ביי זיי און אַזאַ טרויעריקייט. נישט כדאי, קלערט קלמן, צו פאַרלירן אַ זונטיק. איז גיין אפשר פאַרברענגען דאָרטן מיט יענער — ווי הייסט זי דאָרטן? — מאַרגאַריטאַ, אַ פּאַרזעסן מיידל, וואָס ציילט שוין מסתמא אַרום די פערציקער און וויל נאָר מיט אים דווקא ריידן וועגן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און שטרייקן...

קלמן האָט געזוכט אין קאָפּ אַנדערע באַקאַנטע. אויסגערעכנט דאָס גאַנצע צעטל. צווישן זיי איז אָבער קיין איין אָרט נישט געווען, וואו ער זאָל קענען גיין פאַרברענגען.

צו קענען בעסער טראַכטן, האָט ער זיך דערווייל צוגעשפּאַרט אויפן געלעגער און בעתן איבערקלערן איינגעשלאָפן. און, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָך דריי. האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך גאָרנישט גענומען אין מויל אַריין.

ער האָט פויל גענומען אויף זיך אַרויפציען די זאַכן. ס'איז אים אַ שאָד געווען זיך צו שיידן מיטן צימערל, מיט דער אויסגעטוענקייט און מיטן בעטל. נאָר עס האָט אים גענאָגט

אונטערן האַרצן און געדופן אין גאַס אַרויס. און ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח צו פאַרלאָזן דאָס צימערל.

ביים אַרויסגיין האָט ער באַגעגנט דעם באַלעבאָס' טאָכטער. זי איז געזעסן מיט איר חתן אין וועסטיבל און געשמועסט. קלמנען האָבן זיך אין די פיס אַריינגעגאָסן פרישע קרעפטן און ער האָט אָנגעהויבן גיין שנעלער, לייכטער, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן, אַז ער האָט צו וואָס צו לויפן. ביים אַראָפּגיין פון די טרעפּ איז ער אַראָפּגעשפּרונגען צו צוויי און דריי שטיגן מיטאַמאָל. ער האָט געוואוסט, אַז די טרעפּ זיינען פונקט קעגנאיבער דעם וועסטיבל, וואו עס זיצט דעם באַלעבאָס' טאָכטער מיט איר חתן, זיצן און לאַכן. זיי זעען געוויס, ווי ער, קלמן, פאַר זיי הייסט ער קאַרלאָס, שפּרינגט צו צוויי־דריי טרעפּ פאַראַמאָל, און דווקא אין אַ זונטיק, ווען ניט צו דער אַרבעט איילט מען זיך דאָס, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל מ'איז אַ בחור, אַ לוסטיקער בחור, אַ בחור אָן אויסטויגער, וועלכער האָט שטענדיק אַ פאַרטיק פּראָגראַם...

אַראָפּשפּרייזנדיק פון די לעצטע טרעפּ אין קאָרידאָר, האָט קלמן דערזען אַ טראַמוואַי פאַרביילויפן. נישט פאַרלירנדיק קיין איין רגע, האָט ער זיך אַ לאָז־געטאָן אין מיטן גאַס, אויסגעמיטן עטלעכע שנעל־לויפנדיקע אויטאָמאָבילן און זיך אָנגעכאַפּט ביים טראַמוואַי־הענטל, וואָס ביים טרעפּל. די מאַשין האָט שנעל געיאָגט, ווי אַנטלאָפן. האָבן מענטשן אויף דער גאַס זיך אָפּגעשטעלט קוקן, צי וועט ער, קאַרלאָס, אַרויף אָדער גאָר אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער. צום גליק האָט מען אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און געהאָלפן אַרויפהייבן זיך אויפן טרעפּל. ער איז קוים־קוים אַריין אינעווייניק. דאָס האַרץ אין אים האָט האַמערדיק געקלאַפּט און די באַקן זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. דאָך האָט ער באַלד אָנגעקליבן כוח און לוסטיק אַ זאָג־געטאָן:

— אַ דאַנק, סעניאָרעס, אַ דאַנק!

די פּאַסאַזשירן האָבן אים כמעט באַוואונדערט. ער האָט אין זייערע אויגן אויסגעזען ווי אַ העלד. דאָך האָבן זיי געמוסרט:

— אַזוי טוט מען נישט! געקאָנט מיטן לעבן באַצאָלן. פאַרשפּעטיקט אַ טראַמוואַי, וואַרט מען אויף אַ צווייטן.

קלמנען האָט געמישט אין קאָפּ. די פּיס האָבן זיך אונ־טער אים געבראָכן און דאָס האַרץ, האָט זיך אים אויסגע־וויזן, קלאַפּט אַזוי, אַז אַלע וואָס אַרום אים הערן דאָס קלאַ־פּן. פון דעסטוועגן האָט ער איבער די כוחות גענומען ריידן, זיך פאַרענטפערן מיט אַ שמייכעלע, אַ פריינטלעכן, כוואַ־טישן און זיכערן שמייכעלע:

— סי... י! אָבער... ס׳מאַכט נישט... קיין צייט נישט... נישט געווען... גע... איילט זיך...

און, אַ פינטל־טוענדיק מיטן אויג, צוגעגעבן פאַר די מע־נער:

— אַ בחור האָט אַלעמאָל זיך וואו צו איילן...

עולם האָט געהערט, געווען צופרידן פון אַזאַ זאָגן און אויף יעדן פנים האָט זיך צעטאַנצט אַ שמייכל. נאָר קלמן האָט געשפּירט, אַז מער קאָן ער זיך נישט האַלטן אויף די פיס, ווייל ער וועט פאַלן און ס׳האַרץ וועט אין אים איינ־פאַלן; האָט ער שנעל זיך אַריינגעשאַרט אין וואַגאָן און, אויסזוכנדיק אַ ליידיק בענקל, זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל און פיבערדיק געציילט די קלעפּ, וואָס האָבן אויסגעזעצט אין האַרצן.

אַז ער האָט זיך באַרואיקט, האָט ער ווידער גענומען קלע־רן, וואוהין צו פאָרן, אין רעסטאָראַן אָדער אין קאַפע־הויז. און אַליין, אין די געדאַנקען, זיך געענטפערט, אַז אין רעס־טאָראַן איז צו־שפּעט פאַר מיטאָג און צו־פרי פאַר אָוונט־ברויט. איז קיינער דאָרט נישטאָ.

ער איז אַראָפּ ביים קאַפע־הויז, וואו ס׳איז געווען טומל־דיק און רוישיק. געטראָפן באַקאַנטע פּנימער מיט צעפּאַטל־טע האָר. קלמנען איז היימלעכער געוואָרן. דער רויך, וואָס האָט זיך געשלענגלט איבערן לאַנגן זאַל און אים באַלד איינ־געהילט, איז געווען מאָדנע ליב און נאָענט.

— טשע, ווי גייט עס?

ער איז געזעסן ביי אַ טישל, אַרומגערינגלט פון באַקאַנטע.

— קאַרלאָס! איר צאָלט אַ קאַווע?

— זאָל זיין, אַז איך צאָל!

דאָס געזעמל אַרום טישל איז געוואָרן גרעסער און אַלע האָבן מיט רעספּעקט געקוקט צו דעם וואָס „פונדעוועט”.

— וואָס עפּעס אַזוי רויט?

קלמן האָט נישט געענטפערט. געוואָרן פאַרשלאָסן, כמעט סודותדיק.

— געווים עפּעס אַן אוואַנטורעלע... — האָט מען אים איבערגעפרעגט, שיער נישט מיט קנאה — אַ ליבעלע? אַ ווייבעלע? העט?

אין אויגן האָבן פייערלעך אויפגעבליצט:

— מ׳זעט עס אויף אים!

און ס׳איז אַוועק אַ דערציילן זיך מעשיות וועגן אוואַנ־טורעס און ליבע־אינטריגעס, געהיימע באַציאונגען און מע־נערשע דערפאָלגן.

— נאָר איך איינער — האָט אַ בחור זיך באַקלאָגט — האָב נישט קיין מזל ביי ווייבער. דאָרטן, וואו איך וואוין, איז פאַראַן אַ שיקסל. זאָגט מען אויף איר, אַז... מ׳דאַרף מיט איר לאַנג נישט ריידן... האָב איך נעכטן געפּרוואווט איר געבן אַ קוש. נו, נו! האָט זי מיר געגעבן אַ פּאָר פּעטש, אַז איך האָב די עלטער־באָבע דערזען. היינט, גיי, גלייב, אַז מ׳דאַרף מיט איר לאַנג נישט ריידן...

דאָס געזעמל האָט פון געלעכטער זיך געוויגט אויף די בענקלעך:

— אוי, איז דאָס אַ יאָלד!

נאָר קלמן, אַ רואיקערער, האָט זיך אָפּגערופן, מעשה פּראַקטישער, דערפאַרענער מאַן:

— איר זיינט טאַקע אַ יאָלד! איר האָט זיך נישט באַ־דאַרפט דערשרעקן, נאָר גיין ווייטער, גיין אויף כוח, פּרו־בירן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל! מ׳דאַרף נישט זיין קיין פאַר־שלאָפענער! קיין געבראָטענע טייבעלעך פליען נישט אין מויל אַריין! מ׳דאַרף גיין, אַ מאָל מיט שכל און אַ מאָל אויף כוח!

די בחורים אַרום טישל האָבן זיך צוגעהערט צו קלמנס רייד, ווי צו אַ גילדערנער עצה, און איינגעשטימט:

— אוודאי איז ער גערעכט, קאַרלאָס! ע ר ווייסט! נאָר אויף כוח דאַרף מען זיך נעמען אַלץ, וואָס מ׳וויל! נאָר אויף כוח!

קלמן האָט אויסגעהערט די רייד און דערוויל געצאָלט דעם קעלנער. דעם רעשט האָט ער גענומען אַזוי נאָכלעסיק, ניט ציילנדיק, נאָר אַריינשיטנדיק די מטבעות אין קעשענע,

ווי מ'טוט דאָס, ווען מ'איז זיכער, אַז מ'קען נישט ווערן אָפּגענאַרט, אָדער ווען מ'איילט זיך שטאַרק.

— אוואו איז דאָס לויפּעניש? אַ מיידעלע וואַרט ערגעץ־וואו, האַ?

— לויפּעניש? — האָט קלמן איבערגעפרעגט, שטייענדיק אויף דער שוועל, ביים אַרויסגיין, און אויסגערופן — זיצט נישט אין די קאַפּעען גאַנצענע טעג! גייט'ס, זוכט'ס דאָס לעבן! געדענקט: נאָר אויף כוח דאַרף מען נעמען דאָס לעבן, נאָר אויף כוח!

און ער איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס מיט האַסטיקע טריט. אוועק אַ קוואַדרע און זיך אַריינגעדרייט, נאָכלאָזנדיק גלייך די שנעלקייט. און באַלד אין גאַנצן זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף עמיצן, וואָס איז נאָך נישט געקומען. קיינער איז אָבער נישט געקומען און ער האָט אויך נישט געוואוסט וואוהין צו גיין.

— וואוהין גיין? — האָט ער זיך אַליין איבערגעפרעגט — צו וועמען? צו די יאַוואָרסקיס? נישט כדאי. אַלטע מענטשן. וועלן ווידער אויסדערציילן זייערע צרות, וואָס זיי האָבן פון דער דירה, אָדער זיי וועלן בעטן אַ גמילת־חסדל. פאַרלירן עטלעכע שעה מיט דער אַלטיטשקער, וואָס ווייזט אים יעדעס מאָל, אַז זי האָט שוין נישט קיין איין צאָן אין מויל און ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו קייען? אך, עפּעס אַזאַ פּינצטערניש ביי זיי און אַזאַ טרויעריקייט! און אויך יענע — ווי הייסט זי דאָרטן? — מאַרגאַריטאַ, די אַלטע מויד וואָס ציילט שוין מסתמא אַרום די פערציקער, האָט אַ צעוואַלגערט פּנים און וויל דווקא ריידן נאָר וועגן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין און פרייער ליבע...

פון דעסטוועגן איז ער אוועק צו די יאַוואָרסקים:

— פאָרט אייגענע מענטשן! — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

ער איז אַריין אין דער ענגער קאָנוועטיזשע, צו די אייגענע. אַריינקומענדיק אין פּינצטערן צימער און דערזעענדיק מאַרגאַריטאַן, די אַלטע מויד מיטן צעוואַלגערטן פּנים, האָט אים זיך אויסגעוויזן, אַז זי איז גאָרנישט אַזוי אַלט און נישט אַזוי לאַנגווייליק, ווי ער האָט געמיינט.

— סעניאָריטאַ מאַרגאַריטאַ! — האָט ער אויסגערופן מיט אַ געמאַכטער פרײלעכקײט — וואָס זיצט איר דאָ? אין גאַס איז אַזױ שײן און דאָס לעבן... אַך! דאָס לעבן האָט אַזױ פיל כוח! דאַרף מען צוגײן צום לעבן אַ ו י ך מיט כוח! כוח, איר הערט?! אַלץ, אַלץ דאַרף מען נעמען אויף כוח! ס׳גאַנצע לעבן אויף כוח...

די אַלטע, אָפּגעלאָזענע מאַרגאַריטאַ האָט מיט קנאה אָנגעקוקט דעם אויפגעהײטערטן בחור און נישט געוואוסט אויף זיכער, וואָס ער וויל אויסברענגען מיט זײנע פרײלעך־היציקע ווערטער.

## אַרום אַ פרוי

כאָטש דאָס צימער איז אים נישט־איבעריק געפעלן גע־וואָרן, פון דעסטוועגן האָט ער עס געדונגען. די באַלעבאָס־טע, די יונגע פרוי, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַזעלכע וואַ־רימע אויגן, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אין דער היימיש־קייט פון דער שטוב, פון וועלכער ער האָט שוין געפעלט לאַנגע יאָרן, לעבנדיק אין איינזאַמקייט.

— ס'אַ רואיקע שטוב. — האָט די ווירטן נאָכאַמאָל רע־קאָמענדירט די דירה — שאַ. שטיל. קיינער שטערט נישט. נישטאָ קיין שכנים. דער מאַן גייט אַוועק צו דער אַרבעט אויף אַ גאַנצן טאָג. בלייב איך איינע אַליין.

דער בחור האָט געקוקט תמעוואַטע אויף דער צוציענדי־קער יונגער פרוי און געפילט, אַז אירע רייד גלעטן אים, וואַרימען, ברענגען הייסקייט אין די אָדערן. און אַ געדאַנק האָט אויף אים זיך אָנגעזעצט, אַז דאָ, אין דער דאָזיקער וואוינונג, קען אים פריילעכער ווערן און ער וועט דערפילן אַ היימישקייט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס, וואָס די פרוי רעכנט אים אויס אַזויפיל מאָל די מעלות פון דער דירה און איבערקהויפט איר רואיקייט, אַז קיינער איז אין שטוב נישטאָ אַ גאַנצן טאָג, ווייל דער מאַן גייט אַוועק צו דער אַרבעט און קומט ערשט אין אָוונט, שמעקט מיט עפּעס פּיקאַנטעס, איז אַן אָנדייט אויף דעם, אַז ער איז דעם ווייבל אַריינגעפאַלן אין די אויגן, ער געפעלט איר און, ווער ווייסט, אפשר קלערט זי פון אים שוין פיל מער ווי ער פון איר...

— אָבער, דער צימער איז אַ פינצטערער. — האָט ער פון דעסטוועגן געפּרואווט זיך קווענקלען — אין סאַמע ווינקל, פונקט נעבן די, אַנטשולדיקט מיר פאַרן אויסדרוק, נעבן די צוויי זעראָס... און דער פּרייז איז אַזאַ הויכער!

די פרוי איז געבליבן אין פארלעגנהייט. זי האָט אַלץ געזאָגט. וואָס נאָך וואָלט זי אים געקענט זאָגן? דאָך האָט זי צוגעגעבן:

— נו, איך קען אייך ניט צו־ריידן... אויב עס געפעלן אייך די מענטשן... ווייסט איר דאָך... אז מען וואוינט מיט מענטשן, וויל מען, זיי זאָלן זיין מענטשן...

אנטקעגן די דאָזיקע ווערטער איז דער בחור שוין געבליבן אָן לשון. עס איז אים געפעלן געוואָרן אָט־אָ־דאָס פּנים פונם ווייבל און נאָכמער איז ער נתפּעל געוואָרן פון איר צוגעלאָזטקייט. ער האָט איינגעצאָלט און אין עטלעכע שעה אַרום געווען מיט די זאַכן זיינע אין צימער.

ס'איז נאָך געווען פאַרנאַכט. די פרוי איז אַלץ געווען אַליין. האָט דער בחור בכיוון זיך געדרייט פון צימער אין דרויסן, אַרויסגענומען די בעסטע זאַכן, שטיק ביי שטיק, זיי אַרויסגעטראָגן פאַרן ליכט, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט גוט איבערקוקן.

די באַלעבאָסטע, געזען די שיינע זאַכן, איז צוגעקומען, זיך איינגעקוקט און נישט־געפרעגטערהייט געגעבן דעם קוואַרטיראַנט אַ קאָמפּלימענט:

— איר האָט אַ פיינע ווירטשאַפט, זע איך.

דער בחור האָט נישט געוואַגט צו מאַכן דעם וויץ, וואָס איז ביי אים אַרויף אויף דער צונג. ער האָט זיך באַהערשט, אַ שעמעוודיקער אָנגעקוקט דאָס ווייבל און געענטפערט:

— איר זיינט זייער אַ ליבע.

די באַלעבאָסטע האָט זיך געגעבן אַ רוק־אָפּ, ווי מען וואָלט זי געוואָלט כאַפּן און זי זאָל זיך נישט וועלן לאָזן. דער קוואַרטיראַנט האָט דאָס באַמערקט און זיך נישט פאַרזאַמט מיט אַ פאַרענטפערונג:

— מיינט נישט, אַז איך בין אַ קאָמפּאַדרע, חלילה, און האָב אייך געוואָלט באַליידיקן.

— ס'מאַכט נישט. — האָט די באַלעבאָסטע צוגעוואָרפן און שנעל אַוועק אין קיך, לאָזנדיק שפּירן, אַז זי פילט זיך אַ ביסל באַליידיקט.

דער נייער שכן האָט שנעל זיך אָפּגעגעבן חשבון און נאָכגעגאַנגען ביז דער קיך.

— סעניאָראַ! — האָט ער געזאָגט ווי פאַרשולדיקט —

איך האָב גאָרנישט אין זינען געהאַט איך צו באַליידיקן.

די באַלעבאָסטע האָט אָפּגעענטפערט שנעל, וואָס האָט געקענט מיינען, אי גוט, אי שלעכט:

— כ'וויים, כ'וויים.

און איז אַרויס פון קיך, דורכגעשאַרט זיך נעבן שכן, אין דעם שמאָלינקן דורכגאַנג, אַז זי האָט אים אַ ריב־געטאָן ביים אַרבל, און אַוועק אין איינעם פון די צימערן.

דאָס גלעקל פון טיר האָט אָנגעקלונגען. דער קוואַרטי־ראַנט, אין קיך, איז איבערגעשראָקן געוואָרן. אפשר איז עס דער מאַן? טאָ וואָס טוט ער אין קיך? אַריינצולויפן אין צימער איז געווען צו־שפּעט. אפשר וועט דער מאַן פריער עפענען די טיר. וואָס־זשע וועט ער זאָגן, דער מאַן, ווען ער וועט זען דעם פרעמדן בחור אַרויסגיין פון קיך?

נאָר די פרוי האָט נישט געעפנט גלייך די טיר.

— סימאָ־אָן! — האָט זי פון צימער אַרויסגערעדט הויך, אַז דער מאַן אירער זאָל הערן — איך גיי שוין, איין ווייל־לינקע.

— אוי, אַ גנבטע! — האָט דעם בחור אַ פּיק־געטאָן אין קאָפּ — צוליב מיר מאַכט זי דאָס, אַז איך זאָל קענען אַריין אין צימער...

און ער איז שנעל אַריין.

זיצנדיק אין צימער, איז אים באַפאַלן אַ שאַנדע. ער האָט געוואָלט, אַז קיינער זאָל אים איצטער ניט זען. ער האָט זיך געשפּירט ווי אַ גנב, וועלכער האָט געוואָלט גנבענען, נאָר עס איז אים נישט געלונגען. ער האָט געהערט, ווי די באַלעבאָסטע האָט מיט אַ פרייילעכן, קלינגענדיקן קולכל דערציילט דעם מאַן, אַז זי האָט פאַרדונגען דאָס צימער, אַז דער שכן איז אַ סימפּאַטישער מענטש און נאָכדעם האָט זי שטילערהייט, ווי אַ סוד, צוגעגעבן פאַר וויפל געלט זי האָט עס פאַרדונגען.

דעם בחור איז לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט אָבער אַלץ נישט געקאָנט ביי זיך פועלן אַרויסצוגיין פאַר דער טיר. פאַרקערט, ווי אינסטינקטיוו, זיך פאַרזיכטיק אויפגעהויבן פון בענקל, אַז מען זאָל אים נישט הערן, און גוט צוגעשפּאַרט די לאָדנס פון די פענצטער־שויבן. ער האָט נישט אָנגעצונדן די עלעקטרי. געוואָלט בלייבן איינער אַליין

און מורא־געהאַט. מען זאָל אים נישט אַרויסרופן. נאָר וואָס־לענגער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון אַרויסגיין, אַלץ־מער האָט ער זיך געשעמט, כאָטש ער איז געווען זייער־נייגעריק אַ קוק־צו־טאָן אויף דער באַלעבאָסטעס מאַן.

אָט איז ער, דער באַלעבאָסטעס מאַן. ער איז געגאַנגען זיך איינוואַשן. דער בחור האָט שנעל זיך אויפגעהויבן, צו־געשפרונגען צו דער טיר און אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַרונע פון לאָדן. ער האָט געזען אַ יונגן מענטשן. נאָך גאָר אַ יונגינקער און אַ שיינינקער. ווען מען זאָגט אים, אַז ער איז פאַרהייראַט, וואָלט ער נישט געגלויבט.

דער שכן איז געווען געפּלעפט. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט אָנטרעפן אַן אַלטן מאַן, אַ מיאוסן, וועלכן די פרוי קען נישט ליידן, און דערפאַר באַהאַלט זי די גאַנצע צערט־לעכקייט פאַר אַנדערע.

— זאָל עס אפשר ניט זיין דער מאַן? אפשר איז דאָס אַ יינגערער ברודער?

נאָר אַצינד האָט דער שכן נישט געהאַט קיין חשק זיך צו איבערצייגן און נישט געוואָלט מער אַרויסגיין. געווען זיכער, אַז די באַקן זיינע פלאַמען און אויף זיי איז אָנגע־שריבן, אַז שלעכטע געדאַנקען שניידן זיך אין זיין הייסן קאָפּ. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן בעטל, אויף וועלכן ער איז נאָך נישט געלעגן קיין בעטגעוואַנט, און איינגע־שלאָפן אויפן האַרטן, דראָטענעם געפלעכט.

אויפן אַנדערן טאָג איז ער אַרויס שפּעט פון זיין צימער. נישט געוואוסט פאַרוואָס, דאָך געוואָלט אויסמיידן צו באַ־געגענען זיך מיטן מאַן. ער האָט ווידער געטראָפן די פרוי. זי איז געשטאַנען אין באָד־צימער, פאַרן שפּיגל, און זיך גע־מאַכט לאָקעלעך. יונגקייט און פרישקייט איז געלעגן אויף איר פּנים. איר קלייד האָט ווייך זיך געטוליעט אין די פאַלדן פון קערפּער. נאָר ביי די ברוסטן האָט זיך עס אויס־געדונדיקט פול און גערייצט מיט צעשפּילטער פרוויאַישקייט. ער האָט דערשפּירט, ווי ליבע פרוויאַישע פינגער וואָלטן אַריבער איבער זיין לייב.

ער האָט געגריסט און זי האָט געענטפערט מיט צוציענ־דיקער היימישקייט, פרעגנדיק צי ער וויל אַריינגיין זיך וואַשן.

— אַ, ניין, ניין! — איז דער בחור געווען גאַלאַנט — לאַקט, לאַקט, איך האָב צייט און פאַרגעניגן צו קוקן, ווי איר מאַכט דאָס.

— אַ, מיינע לאָקן? איר וועט זיך נישט דערוואַרטן.

דער בחור האָט זיך איינגעשפּאַרט:

— יאָ, איך וועל זיך יאָ ד ע ר וו אַ ר ט ן ! — ער האָט אונטערגעשטראָכן דאָס לעצטע וואָרט, ווי ער וואָלט אים געגעבן אַ גרויסע באַדייטונג, און צוגעשפּיצט — די לאָקן אייערע לאָקן...

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— האָט איר דען נישט פאַרשטאַנען?

— כ'פאַרשטיי נישט.

— נו, איז מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, וועל איך אייך ווייזן.

ער איז שנעל אריין אין באָד־צימער, צום שפּיגל, צוגע־לייגט צוויי פינגער צו אירע לאָקן, די פינגער אומגעקערט, אַ קוש־געטאָן און, ווי טריומפירנדיק, געזאָגט:

— אָט, דאָס מיינט עס: די לאָקן אייערע לאָקן!

די באַלעבאָסטע האָט געשמייכלט צום שכן, ביי וועמען דאָס פּנים איז בליצשנעל פאַרגאָסן געוואָרן מיט רויטקייט. זי האָט געקוקט מיט וואַרימקייט, ווי אויף אַ נאָענטן, און געזאָגט:

— אי, זיינט איר אַ נאַרעלע!

דער שכן איז געוואָרן געוואַגטער.

— איך בין שוין גאָר קיין נאַר נישט! — האָט ער זיך אויסגערימט.

— האָט איר אַ שלעכטע מיינונג וועגן פרויען.

— דאָס, אוודאי נישט.

— קענט איר נישט קיין פרויען.

— נישט געטראָפן.

— זיינט איר זיך גלאַט אַזוי אַ קאַמפּאַדרע.

— ע...

— נו, טאָ וואָס?

— אַ מאַן...

— אָבער, נישט יעדער מאַן איז אַזוי.

— נאַטירלעך זיינען פאַראַן טויגעניכצן...

— און איר? צו וועלכע געהערט איר?

— צו די, וועלכע מען האָט ליב.

— אויב מ'קען ווּיסן: ווער?

— אַ זייער־באַשיידענע פראַגע. כ'לעבן! אַזוי איז עס שוין. פרויען, ווען זיי פילן זיך מעכטיק, ווערן זיי אויסערגעוויינלעך־באַשיידן.

— כ'פאַרשטיי ניט, צו וועמען די ווערטער באַציִען זיך. צו מיר?

דער שכן האָט געקוקט אויף דער באַלעבאָסטע און געשמייכלט צעטומלט:

— איר פאַרשטייט בעסער פון מיר.

— זאָגט איך אייך, אַז ניין.

— איר, אַ פרוי, ווייסט איר נישט בעסער פון מיר, וואָס אַ הייסער קוש איז?

די באַלעבאָסטע האָט נאַיוו און אומשולדיק געזאָגט:

— פון וואַנען זאָל איך ווּיסן?

— דאַרף איך אייך לערנען?

— איך זע, אַז איר זיינט מער געלערנט פון מיר.

— אָבער... איר וועט זיך באַליידיקן?

— פאַרוואָס זאָל איך זיך באַליידיקן?

— איר זיינט טאַקע גערעכט. וועל איך...

דאָס גלעקל אין טיר האָט אַ ציטער־געטאָן. די באַלעבאָסטע האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט און געלאָפן אַנטקעגן. אַ קינד האָט געעפנט די טיר, אַ שפּרונג־געטאָן מיט פרייד, זיך אויפגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער, דער פרוים האַלדז פעסט מיט די הענטלעך אַרומגענומען, איינגעקלאַמערט, און גערופן פלאַטערנדיק פון פרייד:

— מאַמאַ! מאַמאַ!

דער שכן איז געשטאַנען פון ווייטן, זיך צוגעקוקט צו דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט מיטן קינד זיך צוזאַמענגעשלאָסן מיט די הענט, און דערשפּירט, ווי אַ קאַלטער ווינט וואָלט מיטאַמאָל אָנגעיאָגט, משונהדיק־שנעל צעטריבן און איינגעשלונגען די גאַנצע אָנגעהיצטקייט. ער האָט זיך דערפילט פאַרשעמט און קליין אַנטקעגן דעם קינד. דאָס קינד האָט אים אַרומגענומען מיט די קליינע אייגעלעך, פאָרזיכטיק, ווי מיט מורא פאַר פרעמדן מענטשן, און ווי אַנפּרעגנדיק זיך געוואָנדן שטום צו דער מאַמען.

— אַ פֿריינד, קינד מײַנס. — האָט די פֿרוי געענטפֿערט

— אַ גוטער מענטש. האָב אים ליב! ער איז נאָך זייער אַ יונגער, מיינט אַז ער האָט אַ סך שכל, אָבער ער איז נאַרי־שער פֿון דיר...

דער בחור האָט זיך אַ צאַפּל־געטאָן. דערשפּירט, ווי מ׳וואָלט אים פּאָר אַלעמען אין די אויגן אויסגעפּאַטשט. שטיקער לײַבעץ זײַנען אים אָנגעלאָפֿן אין האַלדז. ער האָט נישט געקענט מיט קיין וואָרט זיך אָפּרופֿן. נאָר שפּעטער, האָט ער זיך באַהערשט און געפֿרעגט, און אין זײַן פֿראַגע איז געווען רעספּעקט, פֿאַרזיכט און באַוואונדערונג:

— איז דאָס אײַער קינד, סעניאָראַ?

— וואוי, מאָסיע! — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט צאַרט און אַ שטילער חוזק האָט דעם בחור אַ שטאָך־געטאָן, ווי מ׳וואָלט אים צוגעלייגט אַן אײַזערן בערשטל צום הויכן לײַב — יאָ, מײַן ראָמאַנטישער שכן. דאָס קינד האָט וואַקאַציעס, איז עס געבליבן אַ ביסל בײַ מײַנע עלטערן.

און אין אַ ווײַלע אַרום, אַז זי האָט געזען, די ווערטער האָבן געמאַכט אַ גרויסע ווירקונג אויפֿן שכן, האָט זי נאָך צוגעגעבן, נאָך זיסער און מיט נאָך מערער וואַרימקייט און צוגעלאָזטקייט ווי מיט אַ טאָג פֿריער, ווען זי האָט פֿאַר־דונגען דאָס צימער:

— איך וועל נאָך אונדזער נײַעם, ליבן, ראָמאַנטישן הויז־פֿרײַנד דערצײלן, אַז איך האָב אויך ברידער, און אַ פֿאָ־טער, און אַ מוטער, און אַ שוויגער, און אַ שוועער, און שוואָ־גערס, און שוועגערנס, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

און פֿאַרן אַרײַנגיין אין צימער, אין וועלכן דאָס קינד איז אַרײַן, האָט זי נאָך צוגעוואָרפֿן, ווי סתם צוליב נײַגעריקייט וועגן:

— און מײַן ליבן, יונגן, שיינעם און טײַערן מאַן קענט איר שוין?



# הינטער ווערטער

ווען מ׳האָט אים געזאָגט, אַז דער טאַטע זיינער איז געבליבן מיט פאַנין די גאַנצע וואָך, זינט ער, סאַלאָמאָן, איז פון שטוב אַוועק, האָט ער עס נישט געקענט פאַרשטיין און נישט געוואָלט גלייבן.

— וואָס האָט ער דען ביי איר צו טאָן, דער טאַטע? וואָס, ער וועט איר העלפן קרעכצן? קלאָגן אויפן ביטערן מזל?

אָבער, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די ווערטער זיינען נישט געווען קיין אויסגעטראַכטע, אַז דער טאַטע איז טאַקע די גאַנצע וואָך געווען ביי איר, ביי פאַנין, טאָג און נאַכט, אויף אַ טריט נישט אָפּגעטראָטן פון שטוב, איז ער געוואָרן אויפגעטראָגן, פון פאַרדראָס:

— וואָס האָט ער דען ביי איר צו טאָן, דער טאַטע? וואָס, ער וועט איר העלפן קרעכצן, קלאָגן אויפן ביטערן מזל?

ער איז אַוועק אַהיים, נאָר אין שטוב נישט אַריין. אונטערגעשיקט אַ יינגל מיט אַ בריוועלע. דעם טאַטן געשיקט דאָס בריוועלע. אים געבעטן, ער זאָל אַרויסגיין אויף דער גאַס. ער וויל מיט אים ריידן, האָט ער אים געשריבן, און טאַקע באַלד זיך דורכריידן.

ער האָט לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן, סאַלאָמאָן, און דער טאַטע האָט אים געענטפערט מיט אַ בריוו. געשריבן שאַרף: אַז אויף דער גאַס האָט ער נישט וואָס צו גיין ריידן. פאַראַן אַ שטוב, אַז מ׳וויל ריידן, און ס׳איז זיין שטוב, סאַלאָמאָנס. איי, ער האָט זיך צעקריגט מיטן ווייב און מיינט נאָך, אַז ער, סאַלאָמאָן, איז דער גערעכטער? טאָ זאָל ער פּראַווען משוגענע שטיק...

סאַלאָמאָן האָט דאָס בריוול איבערגעלייענט עטלעכע מאָל. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער טאַטע וועט צו אים נאָך אַלץ זיין אַזוי שטרענג, נאָך דעם ווי ער איז אַ גאַנצע וואָך נישט אַהיימגעקומען. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער טיר פון זיין שטוב און דערזען, אַז פון די

פענצטער זיינען געווען אָפּגעשפּאַרט די לאָדנס. ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויגן און דערזען, אַז פאַרהאַנגען פון די פענצטער זיינען געווען פאַרהויבן און צו די שויבן זיינען געווען צוגעשפּאַרט צוויי פּנימער, פאַניס און דעם טאַטנס. ער האָט זיי געזען צוזאַמען, צונויפגעדריקטע, ווי געליבטע, און זיך פאַרשעמט, און זיך אויסגעדרייט צום אַוועקגיין.

נאָר אָפּגייענדיק געציילטע טריט, האָט ער דערשפּירט, ווי די פיס זיינע ווערן געפּענטעט. עס האָט אים גערופן. געצויגן אויף צוריק. אהין, צו זיין שטוב. ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט:

— פּחדן! אין דער אייגענער שטוב נישט האָבן קיין רעכט? דערווייל, ווי לאַנג נאָך נישט געגט, בין איך נאָך פּונקט אַזאַ באַלעבאָס, ווי זי.

ער איז צוריקגעגאַנגען, כאָטש מיט אַ שווערן געמיט. נישט געווען זיכער, עטלעכע מאָל זיך געוואַקלט, איידער ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר. זיך אַ סך מאָל איבערגעלייגט, איידער ער האָט אָנגעקלונגען, ביז זיך אַנטשלאָסן.

— דו? — האָט דער טאַטע צו אים אויסגערופן, עפענענדיק די טיר — ביסט דאָך שוין אַוועקגעגאַנגען?

— יאָ, אַוועקגעגאַנגען...

— נאָר זיך פאַרט באַרעכנט?

— נישט איך... איך בין געקומען, טאַטע, דיך דערמאָנען, אַז דו זאָלסט זיך באַרעכענען...

— וואָס?

— דאָס, וואָס דו הערסט! געהערט, אַז דו ביסט דאָ די גאַנצע צייט מיט איר...

— איז וואָס וואָלסטו געוואָלט? נו, און אַז איך האָב אַ שלעכטן זון, וואָס פאַרלאָזט זיין פרוי, דאַרף איך אויך זי לאָזן איינע אַליין, אַן עלנטע?

— שאַ! שריי נישט אַזוי, טאַטע! איך בין שוין אַ בר־מצווה...

— אָבער אַ בר־מצווה יינגל האָט מער שכל ווי דו!

— לאָמיר וועגן דעם נישט ריידן. איבעריקנס בין איך דיין זון און האָב אין וועמען געראָטן צו זיין...

— א פיסק האָט דאָס! און מיט אזא פיסק האָט עס גע־וואָלט לעבן מיט א יונגער פרוי!

— דאָס איז מיין זאַך!

— דיין זאַך? אָבער, ווער צאָלט פאַר דעם? ווער פאַר־לייגט מיטן קאָפּ? דער טאַטע!

— מיט וואָס? ווער בעט דיך? ווענן דעם בין איך טאַ־קע געקומען. פע, מעגסט זיך שעמען! אַן עלטערער ייד, אַן אלמן, היט אָפּ די שנור, וועלכע דער זון פאַרלאָזט, און ליגט ביי איר אָפּ טאָג ווי נאַכט...

— וואָס? וואָס???

ער האָט געשטעלט א שפּרייז, דער אַלטער, ווי צום שלאָ־גן. סאַלאָמאָן האָט זיך צוריקגעצויגן און אָפּגעענטפערט:

— נאָר נישט מיט קיין הענט! דו ווייסט, טאַטע, אַז אויף הענט טויג איך זיך בעסער אויס...

— אַ, דו, איינער! — האָט דער אַלטער אויסגעכריפּעט, דערשטיקנדיק אין זיך דאָס געשריי — דיין נס איז...

און, ווענדנדיק זיך אין שטוב אריין, אויסגערופן:

— פאַני: קום אהער, פאַני! האָב נישט קיין מורא און קום אהער!

ס'יונגע ווייבל, אַן אַנגעבלאָזענע, איז אריין אין וועסטיבל און זיך אוועקגעשטעלט קעגנאיבער דער טיר.

— דו ווילסט, פאַני, — האָט דער אַלטער צו איר זיך געוואָנדן —, אַז איך זאָל דאָ בלייבן מיט דיר, ווי לאַנג ס'וועט נייטיק זיין?

— יאָ. — האָט ס'יונגע ווייבל א שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— דו האָסט פאַר מיר מורא, ווייל איך בין אַן אלמן?

— ווער האָט מורא?

— אהאָ! — האָט דער אַלטער אויסגערופן ווי א זיגער — וואָס ווערסטו איצטער זאָגן, דו, גרויסער אידיאָט מיי־נער?!

סאַלאָמאָן האָט גאָרנישט געענטפערט און מיט אַן אראָפּ־געלאָזטן קאָפּ אוועק פון דער טיר אַן א זיי־געזונט.

# אין קלעם

פון דער אלטער היים

אין פּענסיאָנאַט „יונג און אַלט" איז געווען טומלדיק פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די געסט האָבן זיך גע־פילט ווי אויף אַ יאַריד. יעדער איינער, וועלנדיק צו־נעמען וואָג, האָט געזוכט פריילעכקייט און געלעכטער, וואָס זאָל ליכטיקער מאַכן דאָס פּנים. די יאָרן זיינען געווען מרה־שחורהדיקע. מענטשן זיינען אַרומגעגאַנגען מיט געבויגענע קעפּ. אויגן האָבן אומרואיק געזוכט אין די מאָגערע צייטונ־גען גרוסן פון בלוט אויף די שלאַכטפעלדער. און די נערוון זיינען געווען צעפּרעסן פון שרעק. ווייל קרעמער האָבן גע־שמוגלט און אַרבעטער האָבן געשמוגלט. ווייל אָן שמוגל און שווינדל האָט מען זאַט נישט געקענט ווערן. זיינען די נערוון געוואָרן צעצויגן, געשפּאַנט, צעטראַמפּלט. זיינען אויפגע־וואַקסן נייע גבירים מיט צעשרויפטע מיילער און לויזע גע־הירן, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן זומער, אויף אויסצורוען זיך כאָטש עטלעכע וואָכן.

— ווער ווייס דען, וועמענס מאָרגן עס איז! וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען דאָס געלט? איין רעקוויזיציע און נאָך אַלעמען...

זיינען געקומען נייע גבירים אין די טייערסטע פּענסיאָ־נאַטן און זיך געוואָרפן מיט מארקן. אויסגעמיטן די ערטער,

וואו געסט שפּייען אין טיכעלעך און גייען אָנגעשפּאַרט אויף שטעקעלעך, נאָר געפאָרן אַהין, וואו די געסט האָבן זיך גע־פילט ווי אויף א יאַריד, וואו יעדער איינער האָט געזען איינצוקויפן וואָס־מער פרייליכקייט און גלעכטער, צו פאַר־טרייבן אַרום זיך די מרה־שחורה, אַז עס זאָל זיך אויסמישן מיט דער צוגעקומענער וואָג און ליכטיקער מאַכן דאָס פּנים.

אין פּענסיאָנאַט „יונג און אַלט" זיינען אַלע געסט געווען צווישן זיך זייער־היימיש. נאָך עטלעכע טעג זיין צוזאַמען איז איינער צום אַנדערן געוואָרן נאָענט, ווי אַלטע באַקאַנטע. מ'האָט זיך געפּאַשעט ווי קעלבער און געלאַכט פון די איי־גענע חכמות און וויצן. פאַרנאַכטלעך האָבן זיך אַלע צוזאַ־מענגעקליבן צווישן די געדיכטע ביימער, אין די הויכע גראָ־זן, געקייכט פון געלעכטער און געטאַנצט, געטאָן אַלץ, וואָס קען נאָר מאַכן פאַרגעסן אין די חושכדיקע טעג פון דער שטאָט. האָפּסעט איינער אונטער מיט א פידל אין דער האַנט, האַלט וואוויליונגעריש אָנגעשפּאַרט די גאָמבע אויפן דעקל און ציט מיט ווילדקייט דעם סמיטשיק איבער די שוואַך־אָנגעצויגענע סטרונעס. פּרוּווט א צווייטער גיין, מיט איבערגעריסענע מאַנדאָלין־טענער, אין טאַקט פון דער פידל. רייסן זיך אַריין פון די הענג־בעטלעך און אויפלייג־שטולן זאָרגלאָזע קולות און געזאַנגען. איינער שרייט דעם אַנדערן אַריבער, זשעסטיקולירט מיט די הענט, ציט ביים אַרבל, מ'זאָל זיך צו אים מערער צוהערן. און ביי אַלעמען איז דאָס מויל כסדר אָפן, גרייט אויסצוברעכן מיט געלעכ־טער:

— לאָמיר א לעב טאָן, כל־זמן מיר לעבן!

אין א זייט האַלט אַן אָקעלע אין סאַמע מיטן ברען. מטבעות פליען קונציק, דרייען זיך אין דער לופט און קלינ־גען טויב אָפּ אויף דער ברוסטיקער ערד.

פּלוצים לויפט צו א בחור מיט קליינינקע, צופרידענע, במעט־פאַרגאָסענע אייגעלעך און שרייט אויס מיט א פאַר־שטיקטן געשריי:

— לאָזט אוועק די קוואָטן! ציט ענק אָפּ! עס זאָלט מאַכן א „הוראַ"! עס העיאָט! זי גאַיט שאָין...

אַלע פאַלגן אַדאָלפן און ציען זיך אוים ווי זעלנער. שטיל.

נאָר דאָס שעפּטשען פון די צווייגן שוועבט ציטערדיק אין דער לופט.

קומט צו אַ מיידל מיט שעלמיש־שטיפערישע אויגן און ערנסט־געמאָסטענע טריט. אַ ברייטע טאַליע און קינדישע גע־זיכט־צוגן. זי קומט צו און וואונדערט זיך, וואָס עפּעס פלו־צים, אין אַ גאָלדענעם פארנאכט, ליגן אַלע און שלאָפן. באַ־טראַכט זי מיט אַ קינדערשער נייגעריקייט די צעלייגטע שכנים, אין קאָפּ נעמען זיך איר מישן שפּילערייען און עס שווימט איר אַרויף אַ שמייכל אויף די רויטלעכע באַקן.

— יאָ! — לאַכט עס אין איר — ס׳וועט זיין גוט... אַדאָלף וועט איר האָבן צו געדענקען...

זי נעמט אַראָפּ פון קאָפּ די רויטע, ראָזיק־באַפּינטלטע טוך, וויקלט אויס אַ ליאַלקע און בייגט זיך איין איבער אַדאָלפן. נאָר אין דער זעלביקער רגע, ווי זי וויל די ליאַלקע אַוועק־לייגן, הייבן זיך אויף פּנימער, ריידן זיך אָפּ אויפן וואונק און אַ ווילדער „הוררא״ צעקלינגט זיך אין גאַנצן אַרום און קלינגט אָפּ אויף די אַרומיקע בערגלעך:

— „הוררראַ״!

ליזע האָט אויפגעציטערט, האָט אַ שפּרונג־געטאָן און, ניט קאָנענדיק זיך איינהאַלטן אויף די פיס, געפאַלן, גלייך אויף אַדאָלפן געפאַלן. זי איז אָבער בליצשנעל אויפגעשטאַ־נען און זיך גענומען ברוגזן:

— גייט, גייט מיט אייערע שפּאַסן!

קוקן אַלע אויפן מיידל, אויף דער ליאַלקע, אויף אַדאָלפן און ברעכן אויס מיט אַ האַמערדיקן, הוסטלדיקן געלעכטער. אין דעם געלעכטער רייסט זיך באַלד אַריין דאָס בילן פון הינט, דאָס רעווען פון קי, דאָס מיאַוקען פון קעץ און אַ בחור אין די יאָרן כליפּעט זיך פאַנאַנדער ווי אַ ברוסט־קינד: „אוּאַ־אַ־אַ״!

אויך אַדאָלף רוט ניט. ער מאַכט משונהדיקע העויות, בייגט דעם קורצן ברייטביינִיקן קערפּער און קרימט אויס דאָס קייַלעכדיק־פליישיקע פּנים, אַז עס זעט אויס ווי אַ הייפּטל קרויט.

— זייער שטאַרק דערשראָקן?!

ליזע וויל זיך ניט מודה זיין. אויף אירע ליפּן צעגיסט

זיך קוים־קוים א שמייכעלע. זי נעמט אדאָלפס האַנט און לייגט צו צום האַרצן:

— איר הערט ווי ס'קלאַפּט?

אדאָלף ווערט אונטערגעטראָגן. פּאַרזיכטיק שפּרייט ער אוים די פינגער איבערן האַרץ און זייעט אַרוים פון צווישן די ליפּן:

— יאַך פיל אַפּילע?

— וואָס?

— אַז עס וועיאָט מיאָ האַים...

— גייט שוין, איר... — שטופּט אים ליזע אָפּ.

ווערט ביי זיך אדאָלף נישט געפאַלן און רוקט זיך נאָכאַמאָל צו. ער שטעלט זיך אין דער פּאָזע פון אַן אַלטן זינגער, טייטלט מיטן אַרויסשטאַרטשענדיקן בייכל צום מזרח, מיט דער האַנט צום מערב און צעגיסט זיך אין אַ וויינענדיקן טאָן:

— „אַז יאַך האָב ליב אַזאַ באַיטשיקל ווי די!
אַז יאַך האָב..."

אין מיטן זינגען האָט ער באַמערקט, ווי דאָס פּענסיאָן־מיידל, וואָס מיט די מעל־באַקן, טראָגט אַ טאַץ מילך. האָט ער אָפּגעהאַקט דאָס לידל און אָנגעהויבן לויפן דעם מיידל אַנטקעגן. אויף אים קוקנדיק, זיינען אַלע אַוועק אין אַ לוי־פּעניש. ס'האָט אויסגעזעזן, ווי יעדער וואָלט געוואָלט אַריינכאַפּן וואָס־מער. נאָר בלויז עטלעכע האָבן געהאַט צו טרינקען. אדאָלף האָט געהאַט דריי גלעזער. האָט זיך געהיט פון אַלע זייטן, מ'זאָל אים ניט אַרויסזעצן אַ גלאָז, און זיך צוגעגעבן חשק צום טרינקען. אַנדערע זיינען געשטאַנען מיט ליידיקע הענט און געקוקט אין מויל אַריין דעם בחור, וואָס מיט די קליינינקע, צופרידענע, כמעט־פאַרגאָסענע אייגעלעך, וועלכער האָט ליידיק געמאַכט איין גלאָז נאָך דער אַנדערער און זיי געשליידערט אויפן גראָז, ווי מאַראַנצן־שאָלעכץ. ס'האָט געגעבן אַ כריפּ און באַלד אַ בראַזג.

— ס'מאַכט ניט! — האָבן די פּענסיאָנאַטשיקעס אַרויסגעלאַכט — דער באַלעבאָס וועט ניט אָרימער ווערן...

---

נאָכן צוווייטן פרישטיק רוקן די שטולן און בענקלעך זיך פאַנאַנדער פויל, מיט אַ סקריפּען. די קליינע טישלעך זיינען געדיכט אָנגעשטעלט מיט נישט־דערעסענע מאכלים. דער פרימאָרגן איז אַ לאַקנדיקער, ציט פון די טישן, הגם שווער פון אָרט זיך צו רירן.

אויף דער ווערענדע איז אַ גערודער. מען מאַכט פּלענער, וואָס ווייטער צו טאָן און וואוהין צו גיין. מיילער זיינען צעעפנט אין אַ ברייטן געניץ. די ביינער פאַרשטייפט, איינגעלעגן. ציט מען זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. אַ פּאָר וואָגיקע הענט, אויסגעשטרעקט צוליב גימנאַסטיק, שטויסן זיך אָן אויף אַ פרויען־טאַליע. פיר אויגן ווארפן זיך איבער מיט קעציישן שמייכלען און לאַשטשען, ריידן עפּעס, פלאָנטערן ווערטער, גיכער פאר זיך ווי פאר יענעם.

די פענצטער פון דער פאַרשיידנקאָליריק־באַשויבטער ווערענדע זיינען אָפן. פייגעלעך זינגען לוסטיק אריין מיט אָפּגעריסענע טרעלן און ווינקען שעלמיש:

— קומט אַרויס, גיט אַ קוק, וואָס פאר אַ יום־טובדיקן טאָג מיר האָבן היינט!

עצהט מען זיך, מ'פּלאָנטערט זיך מיט ווערטער און מען פאַרלאָזט די ווערענדע. ליזע גייט די ערשטע. זי ווארפט אַ שטיפערישן שמייכל צו סאַלאָמאָנען.

— היינט — פרעגט זי — פּאַסט אייך גאָר ניט מיט מיר צו ריידן?

דער עלעגאַנטער, הויכער בחור פאַרנייגט זיך העפלעך. וואַקלט זיך, צי זאָל ער ריידן אָדער ניט ריידן, און פרואווט זיך פּאָרט פאַרענטפערן. ענטפערט ליזע „אַזוי גאָר?" און דרייט זיך אויס צו אַן אַנדערן:

— און איר, פאַניע נאַטאַן? איר זעט מיך היינט נישט...

דערנענטערט זיך נאַטאַן מיט טענצער־טריט, גיב אַ הייב די עלנבויגנס, ווי צו אַ וואַלס, און דעקלאַמירט אָפּ:

— איך פאַל צו די פיסעלעך... איך זע אייך אַלעמאָל... אפילו אין שלאָף...

ליזע איז צופרידן. זי לאַכט אויפן קול. נאָר ריידן רעדט זי מער ניט צו דעם טאַנצנדיקן בחור. זי גיט נאָכאַמאָל אויף איב אַ קוק און דרייט זיך אוועק אָן צערעמאָניעס. ווייסט

שוין גאַטאַן, אַז דאָס נאָכלויפן וועט אים גאָרניט העלפן. לויפט ער נישט נאָך. שיקט בלויז צו הויכע, קיצלדיקע קאָמ־פּלימענטן אין פאַרשיידענע לשונות. ער איז זיכער, נאַטאַן, אַז דאָס זיינען פאַר אַזאַ פרוי, ווי ליזע, די טייערסטע שלי־חים. ליזע כאַפּט זיי אויפן וועג אויף און גייט ווייטער.

הינטער די ווענט פון אַלע פּענסיאָנאַט־געביידעס איז גע־שטאַנען לייב און פּערל און גערעדט האַלב־סודותדיק און האַלב־שוועסטערלעך. איז ליזע אַוועק צווישן די ביימער, זיך געדרייט דורך פּיל סטעזשקעס, ביז זי איז אויסגעקומען נע־בן דעם יונגן פּאָרל. זי איז פאַרביינעגאַנגען, ווי ניט זיי וואָלט זי געמיינט. נאָר, געפינענדיק זיך שוין הינטער זיי, האָט זי אויסגעזונגען, ווי גלאַט אין דער וועלט אַריין:

— איר פלירטעוועט מיר עפּעס צופיל!

דאָס פּאָרל האָט ניט געענטפערט. ליזען איז עס געווען פאַרדראָסיק. האָט זי זיך ראַפּטעם אויסגעדרייט און גע־פרעגט:

— איר ווייסט, אפשר, ווי שפּעט עס איז?

פּערל איז אָפּגעגאַנגען און געזאָגט:

— כ'וועל אייך באַלד קענען זאָגן.

דער זייגער איז געווען צען. די געסט זיינען שוין געלעגן אין וואַלד. בלויז ליזע און לייב האָבן ניט געוואוסט, וואו־הין צו גיין.

— קומט מיט מיר אַ ביסעלע! — נעמט זיך ליזע בעטן ווי אַ קינד — קומט אַ ביסעלע...

— און פּערל?

— זאָל זי אויך מיטגיין...

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט זי צו:

— און איבעריקנס, צו וואָס דאַרפן מיר וואַרטן?...

— ס'וועט אונדז נישט אויסקומען צו וואַרטן!

— און אַליין האָט איר מורא צו גיין?

— ניט מורא...

— טאָ וואָס?

— פּערל...

— גייט, איר זיינט אַ מאָדנער!

— אַ מאָדנער?

— יאָ. איר ווילט? — האָט זי אַנטשיידן געפרעגט — אַך, וואָס פאַר אַ מאָדנער איר זיינט!...

זי איז אַוועק אַ ברוגזע. נאָר פון דעסטוועגן האָט זי זיך אויסגעדרייט, ווען זי איז שוין געווען אויף דער גרעניץ פון פאַרשאָטנטן וואַלד, און אַריבערגעוואָרפן צום פאַרעקשנטן בחור אַן אויסגעצויגענעם לופט־קוש.

אין לייבן האָבן זיך אָנגעצונדן די בלוטן. ער האָט פון אָרט זיך אָפּגעריסן און אַוועק נאָך ליזען.

מיט אַן אויפלייג־שטול אונטערן אָרעם האָט ליזע זיך גע־שלעפּט, מיטן קאָפּ אַראָפּגעהאַנגען אויפן קרעפּטיקן נאַקן. דורכן לייכטן קליידל האָבן זיך בלייך אַרויסגעצייכנט די ליניעס פון אויסגעפּולטן קערפּער.

לייב האָט די אויגן אויסגעשאָסן. דאָס בלוט איז אים אָנגעלאָפן אין פּנים. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, גרייט צו גיין אויף צוריק. נאָר אין דעם מאָמענט האָט ליזע זיך אויס־געדרייט און אַ ציטער־געטאָן:

— אַך, איר זיינט עס? זיך באַקלערט!

— אַז איר פאַרלאַנגט...

— און אַלץ, וואָס איכ׳ל פאַרלאַנגען, וועט איר טאָן?

— כ׳ווייס ניט.

— ענטפערט גלייך, אָן אַ „כ׳ווייס ניט”!

— וואָס ווילט איר זאָל איך ענטפערן?

— צי איר וועט טאָן אַלץ, וואָס איכ׳ל פאַרלאַנגען?

— ניין!

עס האָט זי געוואונדערט: אַנדערע ענטפערן: „אין פייער און וואַסער”...

— אַ מאָדנער מענטש! — האָט זי רייצנדיק געלאַכט — אַלע מאַנסלייט זיינען ש ר עק ל עך ערנסט...

דער איראָנישער טאָן, וואָס האָט ביי איר זיך געביטן, דאָ אין שפּילעווודיקייט, דאָ אין האַרטער ערנסטקייט, איז לייבן געווען שטאַרק דערווידער. דאָס מיידל האָט דאָס, מן הסתם, ניט באַמערקט, וואָרום זי האָט גערעדט וואָס אַ מאָל בייסנ־דיקער און זיכערער. דערציילט, אַז יעדן טאָג, ווען די זון שטייגט אויף די אויבערשטע טרעפּ פון בלויען, טיפן הימל, גייט זי אויף דער „יוגנט־פּאָליאַנע”, יעדן טאָג אין דער באַ־גלייטונג פון אַן אַנדערן מאַנספּאַרשוין.

— עס דאַכט זיך אויס, — האָט זי צוגעגעבן — אַז דער אַנדערער איז אַ מענטש... אָבער, ניין! אַ ל ע אידיאָטן! איינס אין איינס...

ליב האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און פּאַר כעס האַסטיק געקאָפּעט צעוואָרפענע שישקעס און צווייגעלעך. ליזע האָט עטלעכע מאָל אין אים זיך אָנגעשטויסן מיטן אָרעם, דאַכט זיך, בכיוון.

אויף דער פּאָליאַנע, ביי אַ בערגל, האָבן זיי זיך אוועק־געזעצט.

— וואָס זיצט איר ביים ברעג? — האָט דאָס מיידל ערנסט געפרעגט, ווען זי איז שוין געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, און באַלד איז זי אַריבער אין אַ געלעכטערל — אַך, איר האָט אַוודאי מורא נעבן מיר צו זיצן...

פון די כסדרדיקע שנעל־לויפיקע געדאַנקען און קיצלדיקע איינפאַלן האָט זיך ליבן אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ און גע־נומען דאַכטן, אַז די צונג ווערט אינם מויל פאַרגליווערט.

— דרייט אויס דאָס פּנים! — האָט זי ווייטער באַפוילן און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף אַהינטער, אַז דער האַלדז איז געבליבן אויסגעשטרעקט צו די זון־פּונקען, ווי ביי אַ הינדל בשעתן שעכטן — קוקט ניט! ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן! רעדט און איכ׳ל ענטפערן!

הייבט ער אָן צו דערציילן, ליב, אַליין נישט וויסנדיק, וואָס ער וויל אויספירן. פּלאָנטערן זיך ביי אים די ווערטער, רייסן זיך אַרויס געפּענטעטע, אָן אינהאַלט, אָן לעבן. הערט ער אויף. רייסט אויף פּיצלעך די בלימעלעך און גראָזן, וואָס אַרום, און סיקעט צו מיטן גומען אַ ניגון, אַ נאָך־קיינמאָל־נישט־געהערטן ניגון. שטיל איז אַרום. נישט קיין וואָרט. נישט קיין שאָרך. גייט אים אין גאַנצן פון זינען אַרויס, אַז נעבן אים ליגט דאָס מיידל, וואָס הייסט ליזע. שווימען זיי־נע געדאַנקען אוועק צו פּערלען, צום הויכן, מאָגערן מיידל מיטן איינגעפאַלענעם ברוסט־ברעטל, וואָס שפּייט אַרויס פּאַסמעס לייכעץ. שטייען פאַר אים צוויי אומשולדיקע, טונ־קעלע אויגן און דרינגען אים מוטערלעך און קינדיש דורך, און ער ווערט פון וואָרימען בליק געריירט.

ליב האָט זיך פאַרשעמט. מיט אַ יינגלשער לייכטקייט

איז ער אויפגעשפרונגען און געוואָנדן דעם קאָפּ צו ליזען.

אין ערשטן מאָמענט איז עס געווען אַ וואַקל. נאָכדעם — אַ שווינדלען אין קאָפּ. דערנאָך האָבן די אויגן אָנגעהויבן צו זען. ווי אַ געפאַלענער סאָלדאַט איז דאָס מיידל געלעגן מיט דעם פּנים צום הימל, מיט אַנטבלויזטע ברוסטן. די גליענדיקע, בלענדנדיקע שטראַלן האָבן געגלעט און געפּליעס־קעט די ווייסע הויט. און דורכגעלויכטן דאָס דינע קליידל און די קנייטשן פון קערפּער. און דער קערפּער איז געלעגן שטיל, אָן באַוועגונג, דאַכט זיך, געשלאָפן.

לייב איז געוואָרן באַרוישט פון בלוט. אַ היפּשע ווײַלע האָט ער זיך ניט געקענט רירן פונם אָרט. אָבער, אַז ס'איז אריבער דער ערשטער ציטער, האָט ער ארויסגענומען פון דעם טאַש, וואָס ביי זיין זייט, בלאָק און קויל. און, אַזוי שטייענדיק, אָנגעהויבן צייכענען אויפן פּאַפּיר. פון אויפרע־גונג האָט אים די האַנט געציטערט. נערוועז האָט ער גע־האַלטן דאָס קויל אָנטקעגן די אויגן און געמאָסטן מיטן בליק דעם האַלדז, די אויפגעוויירענע ברוסטן, די פורעמדיקע, ביי־געוודיקע פיס און די רייצנדיקע קנייטשן פון קערפּער. איצט, צייכענענדיק, איז אים, מער ווי פריער, געקומען אויפן גע־דאַנק, אַז דאָס קעפּל פונם מיידל איז אַ פרעמדס, פון אַ קינד פאַרביטן און פאַרזעצט אויפן רייפן גוף פון אַ ליידנ־שאַפטלעכער פרוי.

אַז ער האָט פאַרענדיקט דאָס צייכענען, איז אים איינ־געפאַלן אויפצואוועקן דאָס מיידל. עפּעס זאָגן. זאָגן אַזוינס, וואָס אַ בחור דאַרף נישט, ווי דער שטייגער איז, זאָגן אַ פרעמדן מיידל, מיט וועלכן ער איז נאָענט געוואָרן אין אַ פּענסיאָנאַט, וואו היינט איז ער דאָ און מאָרגן ניט. נאָר ער האָט זי נישט אויפגעוועקט. ער האָט זיך נאָכאַמאָל פאַר־טראַכט. אַ לייכטער ציטער איז אַדורך איבער אַלע זיינע גלידער. פּלוצלינג האָט ער מיט פאַראַכטונג אַ קוק־געטאָן אויף זיך אַליין, אויף זיין אייגענער שוואַכקייט, אריינגע־לייגט אין טאַש דעם בלאָק און דאָס קויל און מיט וואָס אַ מאָל שנעלערע טריט אַוועק, פונקט ווי עמיצער וואָלט זיך נאָך אים נאָכגעיאָגט.

ער איז שוין געווען ווייט. דאָך האָט ער זיך נישט אָפּ־

געשטעלט. זיך נישט אומגעקוקט. און ניט געזען, ווי עס האָבן נאָך אים זיך נאָכגעיאָגט ליזעס בליקן, אין וועלכע ס'האָט געפיבערט הוזקדיקער שמייכל.

---

דאָס, וואָס האָט פּאַסירט צווישן איר און לייבן, האָט לי־זען אַ גאַנצן טאָג געערגערט. זי האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַזוינס זאָל זיך טרעפן. זי האָט געוואוסט, עס זיינען פאַראַן מענער, וועלכע וואַרפן זיך נישט אַרויף אויף אַ פרוי, האָבן אַפילו ניט קיין האַרץ צו זאָגן אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פרוי אַ גרעבער וואָרט. נאָר מורא־האָבן פאַר אַ פרוי האָט קיינער פון זיי נישט קיין מורא. בפרט נאָך לייב. אָט רעדט מען דאָך אויף אים, דעם מאָלער, אַז ער איז גאָרנישט קיין שעמעוודיקער, אַז מ'האָט אים געטראָפן מיט דער מאַ־דאַם קרויזע... נו, און אַז ער נעכטיקט טאַקע אָפט איבער ביי איר...

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן ליזען געעגבערט, בעת זי איז געקראָכן אויף די בערג צוזאַמען מיט סאַלאָמאָנען, מיט דעם הויכן, עלעגאַנטן בחור, וואָס רעדט שטיל, קורץ און ווייניק, און וועלכער האַלט זיך אין גאַנצן אָפּגעשיידט פון דער טומל־דיקער קאָמפּאַניע.

די בערג, געבויגן־פּאַריסענע, מיט שפּיציקע, קעמלדיקע הויקערס, געפּאַלדעוועטע ווי ים־כוואַליעס בשעת אַ שטורעם, האָבן זיך עקשנותדיק געריסן צום הימל. איז ליזען און סאַ־לאָמאָנען אויסגעקומען לאַנג צו קלעטערן אויף די בערג, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום טאָל. די אייזערנע שפּיצן פון זייע־רע מאַסיווע שטעקנס האָבן געלאָזן טיפע שפּורן אין גע־שלענגלטן ווילד־גראָזיקן שטעג.

אין טאָל איז געווען הייליקע שטילקייט. פאַרבלאָנדזשעטע זון־שטראַלן האָבן זיך צוגעלייגט צו דער ערד. אַ וואַרימע היימלעכקייט איז געווען אַרום. און שטיל, ווי אין אַן אויער. אַפילו דאָס פליסטערן פונם ווינטעלע איז דאָ ניט דערגאַנ־גען. נאָר דער איינציקער שוואַכער עכאָ פון דעם פאַסטוכס פייפל האָט דערמאָנט אין דער שטילער פרייד און צאַרטער

בענקשאַפט. און דאָס גאַסט־הויז אויפן טיש־באַרג, דאָרט, ווייט־ווייט, וואָס האָט זיך געבאָדן אין פרימאָרגן־שטראַלן.

דאָס רױשן פון טריט האָט פאַרטריבן די שטילקייט. פון די גראָזן, הויכע ווי צייטיקע זאַנגען, האָבן זיך אויפגעהויבן מחנות קראָען, ווי פון דר׳ערד זיינען זיי אַרויס. פאַר די געסט איז דאָס נישט געווען קיין נייס. זיי האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט. און אפשר איז עס געווען דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען פאַרנומען מיטן שמועס.

סאַלאָמאָן האָט גערעדט אָפּגעהאַקט, קורץ, שאַרף און מיט אַ זיכערן טאָן. ווי אַלעמאָל. זיין עלעגאַנטער, גרויער, לייוונטענער אַנצוג איז געווען אָנגעמאָסטן פאַר זיינע עלעגאַנטע רייד.

— איך האָב פיינט דיכטער. — האָט ער געזאָגט געלאַסן, אָבער מיט אַ זיכערקייט — דיכטער זיינען נישט אויפריכטיק. זייער וואָרט איז נישט דער אויסדרוק פון זייער ווילן. זיי וואוינען מיט ווייבער, וואָס זיינען ענלעך צו מאַלפּעס, און ריידן וועגן וואונדערלעכע פרינצעסנס. וואוינען אין שמוציקע שטיבלעך און זינגען וועגן פּאַלאַצן. אָפּאָסטאָלן פאַר יענעם און בראָדיאַגעס פאַר זיך...

ליזע האָט אויפמערקזאַם געהערט און זיך געחידושט:

— הייסט עס, איר האַסט קונסט?!

— ווער האָט עס אייך געזאָגט, אַז איך האָס קונסט?!

— איר האָט דאָך ד י מינוט געזאָגט!

— ניין, פרייַלן ליזע! איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָס דיכטער, קינסטלער. אָבער, דיכטונג, קונסט, האָב איך שוין גראָד גאָר ליב!

— אַזוי גאָר?

— יאָ.

— און ווייסט איר, אַז דיכטער זיינען ענלעך צו פרויען?!

— טאַקע, יאָ, ס׳איז מעגלעך.

— הייסט עס, אַז כ׳האָב דעם כבוד צו ריידן מיט אַ שונא פון פרויען, מיט אַן אָנהענגער פון אָטאָ וויינינגערס טעאָריע! כאַ־כאַ־כאַ...

דער עלעגאַנטער בחור האָט נישט מער ווי צוגעברומט:

— אום־הו!

און א היפּשע ווײַלע געשוויגן. זי — געלאַכט. פרעך גע־לאַכט, פרעך:

— ליובאַווניק סאַלאָמאָן באַטשקאַ...

און באַלד אויסגעבעטערט:

— פאַרדאָן, איך דאַרף אײַך אָנרופן אַנדערש: ליובאַווניק ווײַנינגער...

און באַלד געפרעגט:

— מיר'ן זיך אַוועקזעצן?

דער בחור האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן שטויביקן, טרו־קענעם גראָז, זיך אַ ביסל פאַרקרימט און געזאָגט מיט דרך־ארץ:

— ווי איר ווילט.

דאָס מיידל האָט אַ קוק־געטאָן אויפן בחור:

— און איר וועט מיר געבן אייער רעקל אויף אונטער־לייגן?

פון אָנפאַנג האָט ער זיך געוואַקלט, אָבער נאָכדעם אַראָפּ־גענומען דאָס רעקל און עס אויסגעשפּרייט פאַרן מיידל.

— איר זײַנט גאָרניט אַזאַ פּרויען־פײַנד, ווי איר זאָגט!

— האָט ליזע באַמערקט.

שטיל.

דעם מיידל האָט פאַרדראָסן, וואָס דער בחור איז אַזוי צוריקגעהאַלטן, ענטפערט נישט און איז פאַרטראַכט אין זיך, כמעט ווי לייב.

— וואָס שווײַגט איר? — האָט זי געפרעגט מיט פאַר־איבל — רעדט עפּעס, סאַלאָמאָן ווײַנינגער!

און, אַז סאַלאָמאָן האָט נאָך אַלץ געשוויגן, רואיק אויף איר געקוקט, משמעות זיך געוואָלט אין עפּעס פאַנאַנדער־קלייבן, און מיט די לאַנגע, אויסגעצערטע פינגער געפּרעסט די הויזן־קאַנטן, האָט זיך דאָס מיידל צו אים אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע, באַלד ווידער דאָס פּנים אומגעקערט, אַרויסגעשטעלט די צונג דעם פאַרטראַכטן עלעגאַנט, וואָס איז ביי אַ פריילעכן מיידל און ס'אַרט אים גאָרנישט, ווי־דער זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און געציטערט פון געלעכטער:

— דאַכט זיך, אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם”...

סאלאמאן האט מיט אלע כוחות זיך געצווימט. נאר פלוצלינג האט עס אים א הייב־געטאן פון ארט און ער האט שטיל, אויף די קני, זיך צום מיידל צוגעשארט, אריבערגעווארפן דעם קאפ און אפגעפרעסט א קוש אויף אירע ליפן.

— וואס זאל דאס הייסן? — האט ליזע געפרעגט מיט א נאאיוון קול און אויף איר פנים איז געלעגן דערוואַרטונג און שמייכל.

— א קוש.

— כ'ווייס, אז א קוש... אבער, וואס...

— דאס הייסט, — ער האט שוין דרייסטער נאכאמאל א קוש־געטאן — דאס הייסט, אז כ'האב...

ער האט ניט פארענדיקט. די לופט האט געציטערט פון שניידיקן געלעכטער. דאס מיידל האט געפלאמט. האט סאלאמאן נענטער זיך צוגערוקט און באלד האבן זיך אין די הויכע, געדיכטע גראזן אנגעהויבן שיטן שנירלעך קושן. איצט איז ליזע געלעגן אן באוועגונג, מיט פארזשמורעטע אויגן, מיט קיצלדיקע איראניע־קנייטשלעך אין די מויל־און אויגן־ווינקלען. און דער עלעגאנטער בחור האט גענומען פארלירן זיין עלעגאנץ. פון צעהיצטן בלוט זיינען די אדערן אין אים געווארן אנגעשוואלן. האט ער דאס מיידל אין די ארעמס איינגעקלאמערט און געלאזט די פיבערדיקע פינגער בלאנדזשען איבער די קנעפעלעך...

אין דער רגע האבן זיך מיטן גאנצן אימפעט אפגעשטעמפלט פינף פרויען־פינגער אויף דעם בחורס צערויטלטער באק:

— נ א כ א ל ! ! — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— שטייט איין, ווארט אויף, הער סאלאמאן באטשקא!

— האט ליזע נאכגעשריען דעם אנטלויפנדיקן בחור.

ער האט זיך אפגעשטעלט און אויסגעדרייט.

— אנטשולדיקט מיר! — זי האט אים געבעטן, ווי א פארזינדיקטע — נארישקייטן...

א ווײַלע האט ער זיך געקווענקלט, סאלאמאן, צי ער זאל בלייבן, און האט פארשעמט אויפגעהויבן די אויגן.

אויף ליזעס פנים איז איצטער געלעגן אזא ערנסטקייט,

אזא מילדקייט, אזא קינדישע פארחלומטקייט, אז ער האָט איר בליק נישט אויסגעהאַלטן און מוחל־געווען. איז ליזע ווידער געוואָרן אויפגעלעבט. און ס׳האָט נישט לאַנג גע־דויערט, ווי עס איז אויף איר פנים ווידער אַרויף דער פריערדיקער קיצלדיקער שמייכל.

— דער טאָווארנער צוג איז אַראָפּ פון די רעלסן! כאַ־כאַ־כאַ! ריכטיק, הער סאַלאָמאָן באַטשקאַ, כ׳מיין, הער סאַלאָ־מאָן ווייגיינגער?

די דאָזיקע ווערטער און דאָס דאָזיקע לאַכן האָבן זיך אין סאַלאָמאָנס אויערן אַזוי זיך געצאַפּלט אין אומקלאָרקייט, אַז זיי האָבן אים, אי געטרייסט, אי דערנידעריקט.

---

ליזע האָט זיך געפילט ווי אַ זינגעוודיק, שטיפעריש פייגעלע, וואָס האָט ליב דאָס אַרומפליען און שטיפן מער ווי דאָס זינגען. פּינטלעך דאָס שטיפערישע פייגעלע מיט די אייגעלעך, פאַרזשמורעט זיי און לאַכט אַרויס פאַרבענקטע געזאַנגען, ווי עס וואָלט גערופן, מ׳זאָל עס כאַפּן. ציט עס לאַנגע, געדריידלטע טרעלן און לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון דער האַנט, וואָס שטרעקט זיך גנביש. דאָס פייגעלע וואַרט געדולדיק. אין דער מינוט, ווען די האַנט איז שוין גרייט אַ פאַך־צו־טאָן, גיט עס אַ פּאַטש מיט די פליגל, לאָזט איבער דעם צערייצטן יונג מיט אויפגעהויבענע, ציטערדיקע הענט און פּליט אַוועק אויף אַן אַנדער אָרט, איבער אַן אַנ־דערן, אַזאַ איינעם, וואָס האָט חשק זיך צו יאָגן נאָך אַ זינגעוודיקן פייגעלע...

ליזע האָט ביי זיך געטראַכט:

— אָט, אַזאַ סאַלאָמאָן... זעט אויס, אַן ערנסטער, אַן אינטעליגענטער... געמיינט... אָבער, ליידער... פּונקט ווי די אַנדערע... נישט בעסער... אַ ל ע אידיאָטן! איינס אין איינס...

עס האָט איר וויי־געטאָן, וואָס די וועלט איז אַזוי פּוסט,

נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרים וואָרט אויסצורעדן און זיין זיכער, אַז מ'זוכט נישט אָפּצונאַרן, אַריינאַרן, פאַרנאַרן.

— אַ ל ע  ווילן פאַרנאַרן! ס'איז קיינעם ניט צו גלייבן! מ'זאָגט, אין אַמעריקע יאָרן... אַזוי זאָגט מען... אָבער היינט? וואָס מ'וויל, קען מען פון די גולמס מאַכן... אַלע  א י ד י אָ ט ן !  אָדער... ווער ווייס, וואָס פאַר אַ פאַרשווין דער לייב איז? אַז ער ציטערט ווי אַ חדר־ייִנגל...

לייב האָט אויסגעמיטן ליזען. נישט געוויזן קיין ברוגז, אָבער אויך ניט געוויזן קיין נאָענטקייט. נאָכאַנאַנד געבלאָנדזשעט איבער אַלע ווינקלען פון פענסיאָנאַט. געוועזן פאַרטראָגן. און מיטאַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן אין די וועלדלעך, אין די פאַרקן אָדער אויף די פעלדער און זיך פאַרנומען מיט צייכענען. מיט די געסט וויניק גערעדט און נאָך־וויניקער פאַרבראַכט. אין דער פרייער צייט געזעסן נעבן פערלען, נעבן דעם מיידל, וואָס מיט די איינגעפאַלענע ברוסט־ברעטלעך, פון וואַנען ס'האָבן אָפּט זיך אַרויסגעצויגן רויטע פעדים לייכען.

ליזען האָט דאָס געחידושט. פריער האָט זי לאַנג זיי נאָכגעקוקט און דערנאָך גענומען זיך דרייען אַרום דעם פּאָרל. אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איז זי אַרומגעגאַנגען נעבן פּאָרל מיט אַ פאַרדאגהטן געזיכט און געזוכט אין די גראָזן.

— איר האָט עפּעס פאַרלוירן? — האָט לייב געפרעגט.

ליזע האָט ווייטער פאַרעקשנט געזוכט און אָפּגעענטפערט:

— יאָ, מעסיע לעוו!

— וואָס?

— אַ קעמעלע... אַדאָלפּס אַ פּרעזענט...

לייב איז צוגעגאַנגען.

— אַך, בין איך אַ צעדרייטע! — האָט ליזע אויסגערופן מיט אַ געלעכטער, נאָך אַ ווײַלע אַרומזוכן אין די גראָזן, און אָנגעכאַפּט לייבן פאַרן אָרעם — ס'שטעקט דאָך ביי מיר אין קאָפּ...

לייב האָט אויף איר אַ קוק־געטאָן, געזען ווי אויף אירע באַקן טאַנצן פייערדיקע פאַרבן, גאָרנישט געזאָגט און, באַפרייענדיק זיך פון דעם מיידלס האַנט, אַוועק צו פּערלען.

ליזע איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ פאַרלוירענע. גערעכנט,

אַז לייב וועט איר נישט לאָזן אַזוי צו נאַר. אָבער, לסוף, זעענדיק, אַז אירע טראַכטונגען צעלויפן זיך אויפן ווינט, איז זי אַוועק אַ פאַרלוירענע און צעטומלטע.

לייב איז געלעגן אויפן גראָז און געשוויגן. נעבן אים, אויף אַ פעלד־בעטל, איז געלעגן פערל.

שטיקער וואָלקנס, פאַרצווייגענע איבער די ביימער־שפּיצן, האָבן איינע די אַנדערע געיאָגט, געזעצט זיך רייטנדיק, איי־נע די אַנדערע איינגעשלונגען. אָט איז די זון אַרויס פון הינטער די בלייאיקע כמאַרעס און באַלד האָט ווידער אַלץ זיך געשפּיגלט אין איר שטיפערישן גלאַנץ.

לייב און פערל האָבן געקוקט אויף די פיבערדיקע ביי־טונגען פון הימל און איבערגעחזרט עטלעכע מאָל:

— פונקט ווי דאָס לעבן...

אַזוי איבערחזרנדיק די ווערטער, זיינען זיי אַריבער אין שטילן געזאַנג. פון אָנהייב אַ ניגון אָן ווערטער און דערנאָך ווערטער אָן אַ ניגון:

„ערגיץ וואָגלט ווער אום,
מיד אין שניי אַ פאַרשאָטענער,
און געפינט נישט דעם וועג
צו דער לאַנד דער פאַרבאָטענער".

רואיק זיינען זיי געלעגן, מיט אויגן פאַרטראַכטע און גע־פילן צעפּאַטלטע. ס'איז שוין שטיל געווען, אָבער געדאַכט האָט זיך, אַז עס שוועבט נאָך אַ נישט־דערזאָגט וואָרט...

— מוזיק! — האָט פערל זיך אָפּגערופן נאָך אַ לאַנגן שווייגן.

לייב איז געלעגן אַ היפּשע ווײַלע מיט צעעפנטע אויגן, דערנאָך האָט ער ווי פון שלאָף אַרויסגעפליסטערט:

— טרייסט־מוזיק!

— ווער לייענט אָבער די טרייסט־מוזיק?

— אמת, פערעלע. ווער לייענט?!

— טאַטע־מאַמע זאָגן: „זשאַרגאָנישע מעשה־ביכלעך"...

— טאַטע־מאַמע... נאַרישע קליינבירגער... בורזשוקעס...

— אַ שיינער בורזשוק איז מיין טאַטע! אַ מעקלער...

— איי, פּערעלע! — האָט לייב גוטמוטיק גערעדט — פּערעלע, ביסט אַ נאַרעלע! אויף צו זיין אַ בורזשוק, דאַרף מען גאָר קיין געלט נישט האָבן! עס זיינען פאַראַן בורזשו־קעס מיט געלט און עס זיינען פאַראַן בורזשוקעס אָן געלט! דיין טאַטן איז עס פּונקט נישט געלונגען: געהערט ער צו דער צווייטער קאַטעגאָריע...

פּערל האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעהערט און צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

— לייבקע! — האָט זי דערנאָך זיך אָפּגערופן מיט אַ ווייכן שמייכעלע — און פון וועמען שטאַמסט ד ו ?

אין איין רגע איז דעם בחורס פּנים געוואָרן אין גאַנצן געענדערט. די אויגן זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט און די שטימע זיינע האָט גענומען טרעמאָלירן:

— וועה, וועה, אָבער דו? דו ווייסט דאָך, אַז אין דעם ליגט מיין גאַנץ אומגליק! איך האַס זיי! — מיט עקל האָט ער די ווערטער אַרויסגעבראַכט און גערדאָט מיט פאַרביילטע פויסטן — איך לייד צוליב זיי. און, ווייל איך שטאַם פון זיי, וועט מיין לעבן זיין פול מיט ראַנגלענישן מיט מיין אייגענעם שאָטן, וואָס פאַרפאָלגט מיך אויף טריט און שריט...

דאָס מיידל האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, וואָס זאָל איינ־שטילן דאָס היים בלוט און לייבן און אָפּווענדן דעם שמועס אין אַ זייט, אָבער לייב האָט נישט געלאָזן זאָגן אַ וואָרט און איבערגעריסן:

— יאָ, איך שטאַם פון בורזשויען! בין איך אַ בורזשוקס אַ זון! טאָ איז וואָס? צי האָט מען מיך געפרעגט, ווי אַזוי איך וויל לעבן? בין איך געקומען אויף דער וועלט מיט מיין ווילן? האָט מען מיך געפרעגט? האָט מען מיר געגעבן אַ פרייע דערציאונג? און, אויב זיי האָבן אין מיר אַריינגע־שריען, אַז דאָס איז גוט, שיין און דערהויבן, וואָס זיי האַל־טן פאַר שיין, גוט און דערהויבן, לייד איך דערפאַר און זע מיט אַלע כוחות אַראָפּצושאָקלען פון זיך די שימלדיקייט פון אונדזערע „זיי אַ ייד אין שטוב און אַ מענטש אין גאַס"! און וועה, וועה, נאָר דו ווייסט, אַז מיר קומט אויס טיילמאָל

אפילו אריבערצוגיין די גרעניצן פון דרך־ארץ צו מיינע טאַ־טע־מאַמע...

פערל האָט געפּרואווט דערקלערן, אַז איר מיין איז ניט געווען אים צו באַליידיקן אָדער ווי־טאָן און ער דאַרף אי־רע ווערטער נישט אויסטייטשן שלעכט און זיך ניט נעמען צום הארצן. לייב האָט אָבער נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם מיידל מיט די איינ־געפּאַלענע ברוסט־ברעטלעך און, זשעסטיקולירנדיק מיט ביי־דע הענט, גערעדט וואָס־ווייטער אַלץ מיט מער היץ, וואָס אַ מאָל נערוועזער און מיט מער צעפּלאַמטן פּנים:

— יאָ, איך לייד. איך האַלט אַ מלחמה. אָפט קומט מיר אויס אַריבערצוטרעטן די גרעניצן פון דרך־ארץ צו טאַטע־מאַמע. אין דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב געלערנט, האָבן טאַטע־מאַמע זיך געבראָכן די קעפּ וועגן אַ תכלית פאַר מיינעטוועגן. דער טאַטע איז אַ שפּעקולאַנט און אַנדערש קען אַ היינטיקער סוחר נישט פאַרדינען. ער האַוועט, ער לויפט, ער פליט אָן אָפּרו. נישט איין מאָל ווערט אין אים דער אָטעם פאַרזאַפּלט. אויף זיך זאָגט ער: „איך מוז; קיין אַנדערע ברירה איז ניטאָ". אָבער, אַז דער זון זאָל גיין אויף די זעלביקע דרכים, וויל ער ניט. ס'איז נ י ש ט , ס'איז שווינדל, ס'איז לופט־לעבן... „איך — זאָגט ער — בין שוין אַ פאַרפאַלענער, טאָ לאָמיר כאָטש פון דיר האָבן נחת!... איך האָב אויך אין מיינע יונגע יאָרן געחלומט וועגן... נישט וועגן דעם, וואָס כ'בין איצטער... נישט וועגן שמוגלען... האָב איך פאַרלוירן... לייג איך די האָפנונגען אויף דיר... לייג איך די גאַנצע האָרעוואַניע..." אַזוי זאָגט דער טאַטע. האָט ער מיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ מעדיצינער. פילאָזאָפיע און ליטעראַטור, האָבן זיי מיט מיר איינגעטענהט, איז ניט קוראַנט... ווילן זיי מעדיצין... איך זאָל אַרומפאָרן מיטן דיפּ־לאָם און מאַכן געלט פ ו ן  ו ו אָ ס  מ ע ן  מ ע ג  און פ ו ן  ו ו אָ ס  מ ע ן  ט אָ ר  נ י ט . . . און איך, ווען איך וואָלט געווען מעדיצינער, וואָלט איך דאָס נישט געקענט... איך וואָלט נישט געקענט... כ'וואָלט זיך צוגע־קוקט צו די פאַרפאַצעוועטע מענטשן, וואָס לעבן אַ גאַנץ לעבן דורך אין דחקות, און וואָלט נישט געקענט רייך־ווע־

רן... האָט מען מיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ מאָלער: מאַכן!... זיי, די עלטערן, האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך מאָל. טומלט מיר דער פאָטער אין קאָפּ אריין, כ׳זאָל ווערן אַ מאָלער. ער וועט מיר געבן געלט, וויפל איך וועל נאָר וועלן. „מאָלער — זאָגט ער — פאַרדינען שטיקער געלט״... און ער דער־ציילט מיר וואונדער־מעשיות וועגן אַן אַנטאָקאָלסקין, וועגן אַ גליצנשטיינען... פון די מאָלער, וואָס האָבן ליב קונסט, וואָס ליידן און לעבן נאָר צוליב דער קונסט, וואָס האַלטן אין די פאַרפרוירענע הענט דעם פענדזל, די פאַרבן, און אין מאָגן איז ליידיק, אין מויל איז טרוקן, דעם קערפּער איז קאַלט אין די צעפליקטע שמאַטעס און אין שטוב פינצטער, פון די בוידימער ווייסט נישט מיין טאַטע! און דאָרטן, אָט־דאָרטן, אין די נעסטן פון שפינוועבס און נויט, בליט דאָך די גאָט־געזאָלבטע קונסט! זיי, מיין טאַטע און זיינס גלייכן, ווייסן עס נישט. איך אָבער פיל דאָס און טראָג די וואונד אין האַרצן!...

ביי די ווערטער האָט לייב ראַפּטעם אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער.

אַ דערשראָקענע, מיט בלוטיקע אויגן און פאַרבלויטע באַ־קן, איז פּערל צו אים צוגעלאָפן, האָט אים אָנגעכאַפּט ביי די אָרעמס און מיט אַלע כוחות גענומען טרייסלען:

— לייבעלע! — האָט זי זיך געבעטן — לייבעלע טייע־רער... וואָס טוט זיך מיט דיר?

און זי האָט זיך פאַנאַנדערגעהוסט, טיף, שטומפּיק און מיט אַ דריידל, ביז עס האָבן גענומען אַרויסשפּריצן פאַס־מעס גערויטלטן לייכעץ.

פון אָנהייב האָט לייב גאָרנישט געהערט. נאָר, אַז ער האָט דערזען, האָט ער אַ דערשראָקענער אָנגעכאַפּט דאָס מיידל, צוגעפירט, כמעט טראָגנדיק, צום בעטל און באַרו־איקט:

— שאַ, פּערעלע! — האָט ער איר געטרייסט, קוקנדיק מיט חרטה־אויגן אויף אירע צוקנדיקע, ביינערדיקע אַקס־לען — אַ גזלן בין איך! אַ גזלן... היים בלוט...

אַ היפּשע צייט איז אַריבער, ביז זיי האָבן זיך איינגע־שטילט.

— פאַרגינסט מיר נישט, טייערינקער, — האָט פּערל שטיל געשעפּטשעט — די לעצטע טעג פון מיין לעבן? ווי לאַנג, מיינסטו, וועל איך נאָך זען די זון? דער מלאך־המות שטופּט מיך דאָך שוין אין קבר אַראָפּ...

לייב האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און, צודריקנדיק די ליפּן צו אירע האָר, גענומען קושן און פליסטערן מיט אַ פאַרטרערטן קול:

— פּערעלע, וואָס רעדסטו? דו וועסט ניט שטאַרבן! וועסט ניט שטאַרבן!! דו מוזסט לעבן!...

---

ס'איז שוין געווען שפּעטער פרימאָרגן, נאָכן צווייטן פרישטיק, און ליזע איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט, זיך גע־גריבלט און געפּלאָנטערט אין טראַכטן, וואָס האָט איר אַ גאַנצע נאַכט געמאַטערט אין שלאָף. מ'איז געקומען קלאַפּן אין איר טיר, זיך נאָכפרעגן, פאַרוואָס זי גייט נישט עסן. אָבער זי האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב. געוואָלט בלייבן מיט זיך אַליין.

אין פענצטער האָבן אַריינגעקוקט ברייט־צווייגיקעביימער, באַגאָסענע מיט צעבליטן, שמעקעדיקן פרילינג. געצווייגן אין גלעטנדיקן דרויסן. אַרויסגעשלעפּט אין פריען באַגינען אַלע געסט פון די בעטן און זיי אַרומגעפירט, פּונקט ווי פאַרשיכור־טע יונגע געליבטע. נאָר איין ליזען האָט עס ניט אַרויסגע־רופן פון שטוב. זי איז געלעגן אין בעט. האָט, אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט, געקוקט עקשנותדיק אויף די טאַ־פּעטן־צייכנונגען און אין איר קאָפּ האָבן זיך געפּיקט ביל־דער און געדאַנקען, זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ ווײַלע און באַלד גענומען אַרומפליען ווי צעשראָקענע פייגל.

אַלץ איז אין קאָפּ אַרויפגעשוואומען, אַלץ וואָס איז פאָר־געקומען מיט אַ טאָג פריער, מיט טעג פריער, מיט וואָכן צוריק, איינס אין דעם אַנדערן זיך געמישט און איינס פונם אַנדערן זיך אָפּגעטיילט. און ס'האָט ביי איר אינעווייניק עפּעס שווערס, ווי בליי, אָנגעהויבן זינקען, זינקען...

ס׳איז פאַר איר געווען אַ נייס, וואָס זי האָט לעצטנס געזען און געהערט. זי האָט פאַר דער נייס געשטוינט. ער, לייב, איז געווען פאַר איר אַזוינס, וואָס זי האָט נאָך ביז איצט נישט אָנגעטראָפן. אַלע מענער, וואָס זי האָט באַגעגנט אויף איר וועג, זיינען אַרום איר נאַראָנים, איינס אין איינס. דער קלינגסטער פון זיי איז גרייט געווען צו פאַרקויפן דאָס גאַנצע ביסל מענערישקייט פאַר אַ זוים פון אַ קליידל און ליגן ווי אַ שמאַטע ביי די פיס פון יעדער פרוי, וואָס קען איר כוח...

— נאָר ער, לייב... וואָס פאַר אַ מענטש איז ער?

זי איז געווען אין שכנותדיקן פּאַרק. דאָרטן האָט זי באַמערקט, ווי ער איז געזעסן, לייב, אויף אַ קני פון אַן אויסגעבויגענעם בוים, צווישן אויסגעקרימטע צווייגן, און זיך פאַרשטעלט מיט די געדיכט־אָראַנזשענגעדיקע בלעטער.

אין פּאַרק — אַ פּלאָנטער פוןביימלעך, ביימער, גראָזן און בלימעלעך. אַגרעס־צווייגלעך קאָרטשען זיך איין און אָרעמען איינס דאָס אַנדערע. פּאָזשימקעס, יאַגדעס און מאַלינעס וואַלגערן זיך אין זאַמד. ענג ביז שטיקעניש. די סטעזשקעס זיינען ווילד פאַרוואַקסן. ווייזט אויס, אַז דעם גערטנער שער האָט אין די שאָטנס לאַנג שוין ניט געוואָרפן קיין בליץ פון בלאַנקענדיקן שטאָל. די פיל־אָרעמדיקע צווייגן, איבערגעלאָדענע מיט ווילדע פרוכטן, וויגן זיך צו דער ערד. פון דעם בלאָטיקן וואַסערל, אין דער שמאָלינקער קאַנאַווע, שטעקן אַרויס בינטלעך גראָזן און וויטשקעס.

ליגט זי, ליזע, אונטער די וואָגיקע צווייגן, אויפן גראָז, קוקט מיט פאַרזשמורעטע אייגעלעך אין דער ווייט, דאָרט, צום בחור, וואָס זיצט, ווי אין אַ פאָטעל, אויף דער קני פון אויסגעבויגענעם בוים, און פאַרשטעלט זיך מיט די געדיכט־אָראַנזשענגעדיקע בלעטער. און דאָס קלינגענדיקע קולעכל אירס קאָלערט זיך צום באַיאָרנטן מאַן, וואָס האָט אַ בייכל פון אַ ביר־פעסל. זיצט ער אויפן קאָפּ פון אַ נידעריק־אָפּזעגטן בוים, ברעכט שטיקלעך שאָקאָלאַד און וואַרפט איר, ליזען, אין מויל אַריין.

ליזע כאַפּט, פאַרקלאַפּט דאָס מויל, עסט און לאַכט מיט אַ קלינגענדיקן, קיצלדיקן געלעכטער. דערנאָך הייבט זי זיך

אויף, גייט צו צום אָנגעשטאָפּטן באַלעבעסל, פאַרבינדט אים די אויגן מיט אַ נאָזטיכל און הייסט אים ניט־זעענדיקער־הייט וואַרפן שטיקלעך שאָקאָלאַד און זען, אויב ער קען טרעפן.

— שוין! — גיט זי אַ קוויטש און שטיל, מיט פייגלשער לייכטקייט, פאַרשווינדט זי אין די געדיכטעניש און כאַפּט יעדע ווײַלע אַ קוק צום אַלטן, וואָס ברעכט מיט צעהיצטע הענט שטיקלעך שאָקאָלאַד און בלאָנדזשעט דערנאָך מיט די פינגער אין דער לופט.

— געטראָפן?

ליזע איז געלאָפן. איז געלאָפן אין דער זייט, וואו לייב האָט זיך אויסבאַהאַלטן. געוואָרפן אַ בליק צום אויסגעבוי־גענעם בוים און באַמערקט, ווי ער, לייב, גליטשט זיך אַראָפּ, באַהאַלט אין טאַש די פּאַפּירן, דעם בלאָק און אַנדערע זאַכן, פאַרנעמט זיך געשווינד אין די געדיכטענישן און ווערט גיך פאַרפאַלן פון אויג.

זי האָט אים ווידער דערזען, ליזע, ערשט ווען זי האָט זיך שוין געפונען נעבן פּענסיאָנאַט. ער איז געגאַנגען מיט עט־לעכע צענדליק טריט ווײַטער האַרט ביים פּלויט, אויפן וועג צו דער פּאָליאַנע. זי האָט אים גערופן, הויך גערופן. ער האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט. עס האָט איר געקרענקט, פאַרוואָס ער רופט זיך ניט אָפּ. זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט איר רוף געהערט, נאָר זיך געמאַכט נישט־הערנדיק:

— יאָ! — האָט ליזע הויך איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט נישט געטרויט די שטומע, שטילע געדאַנקען — לייב איז אַן אַנדערער! נישט ווי די געוויינלעכע...

זי האָט זיך דערמאָנט, וואָס עס איז לעצטנס פאָרגעקומען. ווי זי האָט לייבן געבעטן, ער זאָל איר באַגלייטן אין וואַלד. ווי ער האָט זיך געדרייט, פאַרענטפערט און געזוכט תירוצים. ס'איז קלאָר געווען, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין חשק מיטצוגיין.

און דערנאָך:

זי איז פונם הענג־בעטל אַראָפּגעפאַלן, גלייך אויף לייבן אַראָפּגעפאַלן. ער איז געלעגן אויפן גראָז און זי איז אַראָפּ־געפאַלן גלייך אויף אים, קערפּער אויף קערפּער, פּנים אויף

פּנים. זי האָט זיך נישט באַקלאָגט אויף קיין שום קלאַפּ, פּאַרקערט, געלאַכט פון דעם צופאַל.

— ווען מענטשן זעען אונדז, — האָט זי געזאָגט שעלמיש, פאַרהייבנדיק קרום אַן אייגל —, וואָלטן זיי געמיינט... אַ גליק, וואָס קיין מענטשן נישטאָ...

לייב האָט געשוויגן. געזעסן אַ צעטומלטער און אויפגע־רעגטער, אָבער איינגעהאַלטן און צוריקגעצויגן.

האָט זי אויף אים געקוקט מיט אַ שמייכעלע, זיך גענו־מען וויגן אויפן הענג־בעטל, שטאַרק, שטאַרקער און גאָר־גיך, און מיט די פיס געדריגעט ווי אַ צעשפּילטע קעצל. זיי פאַר־הויבן, די פיס, אין דער הייך, באַלד זיי אויסגעשטרעקט אין זייער לענגסטער לענג, און דאָס לייכטע באַטיסטענע קליידל האָט געפלאַטערט אין דער לופט און זיך יעדע ווײַלע צע־עפנט ווי אַ שירעמל...

לייב האָט אַרויפגעקוקט צו איר, געשמייכלט, געשפּאַסט, גערעדט פריילעך און אין דעם קלאַנג פון זיינע ווערטער האָט זיך אַריינגעמישט אַ געהיימער, שטיקנדיקער ציטער.

אין וואַלד איז געווען שטיל. נישט קיין אויג. נישט קיין טריט.

— נו, קוקט ווי איך וויג מיך!... — האָט זיך ליזע נאָכאַ־נאַנד געפרייט — איר וועט מיך איצטער זיכער נישט כאַ־פּן...

לייב האָט געהערט און זיך פון אָרט נישט גערירט, גע־קוקט און געשוויגן. נאָר פּלוצים איז ער אויפגעשטאַנען און מיט אַ צעשוויבערטער שטימע גענומען בעטן:

— ליזע, פריילן ליזע, קומט אַהיים! איך דאַרף...

זי האָט געלאַכט, שטאַרקער געוויגט דעם האַמאַק, און אירע פעסט־מוסקולירטע געבוויגענע פיסלעך האָבן זיך פליג־קער געוואָרפן אין דער הייך און דאָס לייכטע קליידל שטי־פערישער געפלאַטערט אין דער לופט:

— וואָס דאַרפט איר? וואָס קען דאַרפן אַ בחור ווי איר?

זי האָט געפּרואווט אוועקמאַכן אַן ווערטער זיינע רייד, בלויז מיטן געלעכטערל, שטעכעדיק ווי אַ שפּיזל.

ליב איז אָבער געווען איינגעעקשנט. און איז אַליין אַוועק. פון אָנפאַנג האָט ליזע ביי זיך געטראַכט:

— אַ יינגל... אָדער גאָר אַ נאַרישער אַסקעט...

נאָר היינט, ווען זי איז געלעגן אין שפּעטן פרימאָרגן אין בעט, זיינען אין איר אויפגעגאַנגען אַנדערע טראַכטונגען.

— יאָ. — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט — עס איז קלאָר. ער, ליב, איז נ י ש ט ווי אַנדערע מענער! ער איז אַן אַנדערער, אַן אַנדערער...

---

אויפן אַנדערן טאָג איז אין פּענסיאָנאַט געקומען ליזעס פאָטער. די עטלעכע שעה, וואָס ער איז געווען, האָט ער נישט אָפּגעלאָזן דאָס טעכטערל אויף אַ טריט פון זיך, נאָכאַנאַנד אויף איר געקוקט מיט גליקלעכע, פאַרליבטע אויגן, זי געצווינגן אין די פליישיק־צעווירענע אָרעמס, דעם קאָפּ אירן ווייך געגלעט, געקושט די האָר און געהאַלטן דאָס צעוואַקסן מיידל אויף דער קני.

אַדאָלף האָט זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ הענדל אַרום אַ יונגקוואָקענדיקער הון, געזוכט אויסצונעמען, אַרויסגעקריכט פון מאָל צו מאָל אַ געלעכטערל און דערביי זיינען זיינע אויגן געוואָרן אַזוי פאַרגאָסן און צונויפגעקוועטשט, אַז ס׳איז געווען שווער צו וויסן, צי איז דאָס פון צופרידנקייט אָדער פון ווייטיק.

— ט׳אַזוי לעבן מיר מאָר! — האָט אַדאָלף זיך נעסודעט אין אַ רעדל — ווי יאַך וואָלט אַצינד געוואָלט זאַן אופן טאַטושיאַ׳ס אָרעט!

פונם רעדל שיט זיך אַרויס אַ הירזשענדיק געלעכטערל. אַ יונגערמאַנטשיק אין אַן אַלפּאַגענער קאַפּאָטע שטייט אין מיטן, בייגט אויס דעם קערפּער זיינעם ווי אַ טישל, פאַרוואַרפט די לינקע האַנט אויף דער פּלייצע, מיט דער רעכ־

טער האַנט האַלט ער די אויגן פאַרשטעלט, און איינער פונם רעדל פאַרמעסט זיך מיט אַ פויסט און פייערט זי אַריין אין דער האַנט, וואָס ליגט פאַרוואָרפן אויף דער אויסגעבויגע־נער פּלייצע.

— נישט געטראָפן! לאַנגע זאַך!

לייגט זיך דאָס אויסגעפּראַנטעוועטע חסידל ווידער. און דאָס רעדל זשומעט און אַמפּערט זיך, ווער עס זאָל פּאַטשן.

— צימבעלט אים אַריין! — היצט אונטער אַ ברייט־שוואַרץ־בערדיקער, פּעטער, רירעוודיקער ייד — צימבלט אים אַריין, אַז ער זאָל האָבן לזכרון ביז משיח וועט קומען!

— וואַליעט אים אַריין! — ווערגט זיך פון לאַכן דער באַיאָרנטער שכן, וואָס מיטן בייכל פון אַ ביר־פּעסל — טראַסקעט, אַז עס זאָל גיין אַ רויך!

און, אַז אַ פויסט דערלאַנגט אַ פּלעם, פאַרענדיקט ער מיט נצחון:

— אַ רוח אין זיין טאַטנס זון אַריין!

דאָס פאַרמשפּטע באַלעבעסל דרייט זיך אוים אַ ברוגזער, קראַצט די צערויטלטע האַנט און פּראָטעסטירט:

— ע, אַזוי טור מע ניש! שאַינע פּעטשעלאָך! דוס זע־נען דאָך כמאַליעס פון אַ מאַרזשאָר...

— נאָר וואוס האָט איר געמאַינט, פּאַניע שאַינפּעלד? מיר וועלן אייך זשאַלעווען?

— וואוס ט'איר געמאַינט, איר זיינט ליזע און מיר זיי־נען ליזעם טאַטע?...

דערהערט דאָס ליזעם פּאָטער, איז ער צופרידן און שמייכלט:

— אוודאי, אַז מ'האָט אַזאַ קרוינעלע, מעג זיי פּיקן...
און ער קושט אויפסנייע ליזעם האָר און רופט דעם עולם:

— לאָזט דאָרטן אָפּ מיט אייערע נאַרישקייטן! הערט בעסער...

לויפט עולם שנעל אונטער און שרייט לויפנדיק:

— אדרבה, פּאַניע גרינבלאַט, זאָגט עפּעס אַ שטיקעלע...

— אַ „וישמחו"...

— „כ'בין אַ מויד ווי צוקער זיס"...

— „דער זיידע מיט דער באבען"...

— אדרבה!

— לאָמיר הערן...

— פּוסטע קעפּ, וואָס איר זיינט! — בייזערט זיך ליזעס טאַטע — אין שטאָט איז אַ מוראדיקע עפּידעמיע און זיי...

— וואָס? ס'איז ווידער טיפוס?

— די דיזענטעריע?

— וואָס פאַר אַ טיפוס, וואָס פאַר אַ דיזענטעריע? יעקע גנב איז אַ קליינע דיזענטעריע?! ער טרייבערט אויף די געדערים... מ'גיט אָפּ, וואָס פאַראיאָרן און פאַר דריי יאָרן... שוין איין מאָל אַ יעקע גנב, פאַרברענט זאָל ער ווערן!

— וואָס איז שוין ווידער? שוין ווידער אָבלאַוועס?

— ס'הייסט „ווידער"? ער לאָזט דען אַ מינוט רוען? „פּאַניע קוואַס" איז דאָך געקראָכן אין לעבער, אָבער אַנטקעגן „יעקען" איז „פּאַניע קאַפּוסטע" געווען גאָלד, אַ הונט! אַז פון אַלץ ווייסט ער! „שפּיצלעך" אויסגעפּליאַסקעדריגעוועטע האָט ער ווי זאַמד און זיי טראָגן אַלץ אַוועק אין דער פּאַלאַטע... נעכטן גייט ער אַריין צו שפּילנאָגלען אין קראָם אַריין, זוכט אַהער, זוכט אַהין און באַלד פּאַקט ער אין די צעטלען, אַז ס'איז עפּעס נישט אַלץ פּויגלדיק... און פאַרנאַכט איז מען געקומען און אים געלאָזן מיט אַ ליידיקער קוקעדעלאָכע... איצטער גיי, טענה זיך אויס מיט יעקעס „קריגס־רוי־שטאָף־שטעלע"!... אַז ער נעמט אַלץ... אויף אַלצדינג געפינט ער אַ תירוץ...

דער עולם האָט געהערט און געשוויגן. איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט און געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע וואָלטן זיך אָפּגערעדט.

דער ערשטער האָט איבערגעריסן די שטילקייט אדאָלף.

— פּאַניע גרינבלאַט! — האָט געזאָגט דער נידעריקער בחור מיט די פאַרגאָסענע אייגעלעך — זאָגט מאָר מוחל! וואָס צעשטערט איר די חתונה? דו, אין „יונג און אַלט", ווילן מיאָ פּאַגעסן, אַז סי דאָ אַ וואַרשע אָף דע וועלט... סי געניג ס'גאַנץ יאָער...

און, האַלטנדיק די לעצטע ווערטער אין מויל, האָט ער אָנגעכאַפּט דאָס ביר־פּעסלדיקע יידל און געפּרואווט אים אַנידערלייגן.

— אנו, אנו! — האָבן אַלע אויפגעלעבט — לאָמיר טאַ־קע זען!...

— א „פראַנצויזישע וואַלקע”!

— אדאָלף! אויף די „לאָפּיטקעס”...

דער עולם קוועלט אָן. ס׳הייבט זיך אָן אַ געיעג. איינער וויל דעם אַנדערן אומוואַרפן אויף דר׳ערד און אַריינשמייסן. די ערד ציטערט פון געלאַף און געלעכטער.

ליזע זיצט אויף דעם טאַטנס קני, האַלט די האַנט פאַר־וואָרפן אַרום זיין האַלדז, קוקט מיט קאַפּריזנע־צעקרומטע אויגן און באַקן, און שעפּטשעט:

— ס׳ווערט זיי גאָרנישט מיאוס...

— ס׳איז דאָך אַ פּענסיאָנאַט, טעכטערל!

— נו, און אז אַ פּענסיאָנאַט, טאָ וויפל איז דער שיעור?

זי האָט דערזען לייבן. ער האָט זיך אומגעקערט צוזאַמען מיט פּערלען פון ידער „יוגנט־פּאָליאַנע”.

— טאַטושיו! — איז ליזע צוגעשטאַנען צום פאָטער — ס׳ווערט שוין שפּעט.

דער אַלטער איז אויפגעשטאַנען און אַרויסגענומען דעם זייגער.

— טאַקע! — האָט ער אָפּגעענטפערט און, געזעגענענדיק זיך מיט די געסט, גענומען איילן מיטן מיידל — די באַן גייט באַלד אַוועק. און איך טאָר די באַן נישט פאַרשפּע־טיקן.

— וואָס פאַר אַ שאָד! — האָט דאָס מיידל זיך אָנגעהויבן פּעסטען און ציען צוריק פאַרן אָרעם — פאָר היינט נישט!... בלייב ביז מאָרגן.... כאָטש ביז מאָרגן...

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוש־געטאָן דאָס צעפּעסטעטע מיידל, געגלעט אירע האָר און זיך געזעגנט:

— כ׳וואָלט זיכער געוואָלט בלייבן. כ׳קאָן אָבער נישט. כ׳מוז זיין אין וואַרשע!

און, אַז דאָס מיידל האָט זיך געפּעדערט מיטצוגיין און באַגלייטן, האָט דער אַלטער אָנגעבעטן:

— בלייב דאָ! ביי דער באַן איז איצטער אַ געפּערלעכער קאָרזש... בלייב דאָ, ליזעטשקע!...

זי האָט זיך געאַמפּערט און געבליבן. געקוקט אויפן

אוועקאיילנדיקן טאטן און פארבייגייענדיקן לייב. אין האר־
צן האט איר אנגעהויבן ציען, קארטשען און שטעכן.

עס זיינען דורכגעגאנגען עטלעכע שכנים, אפגעזונדערטע
פון דער טומלדיקער חברה. זיי האבן פארקרימט מיט די
נעז און פארביסן מיט די ליפן:

— אמאל איז א פענסיאנאט געווען א לעבן! אבער היינט?

— אמאל זיינען געווען זיידענע געסט...

— אמאל איז געווען א גן־עדן...

— קארלסבאד...

— מאריענבאד...

— געווען מיט וועמען א ווארט אויסצורעדן און פאר־
ברענגען...

— און היינט? אזא פעבל...

— טא וואס קען מען מאכן, אז אזא פעבל איז אונדזער
היינטיקע „אינטעליגענץ"?!...

— ס'איז ניקס צו מאכן!

— מען מוז זיך צוגעוואוינען צום געדאנק...

ס'איז דורכגעגאנגען לייב.

— א יא, מעסיע לעוו?! — האבן די שכנים זיך געוואנדן
— מ'דארף זיך צוגעוואוינען צו אזא פעבל?...

לייב האט געקוקט אנגעשטרענגט און ווייך אפגעענט־
פערט:

— מ'האט זיך אלעמאל ב א ד א ר פ ט צוגעוואוי־
נען...

און איז אוועק.

דאס צעהוליעטע געזעמל האט אים גערופן:

— קומט, פאניע לעוו! אפשר וועט איר קענען נאטאנען
ארייננפיצקען...

— אויב איר קענט אים נישט ארייננפיצקען, טא מוליע־
ווען אים אוים מיט אייער פענדזל...

— מיט קוילן פארגרימירן דאס פנים...

— מיט די שמיראכצן...

— אנו, לעוו, ווייזט וואס איר קענט!

לייב האט געקוקט אנגעשטרענגט, אלץ געהערט און גע־

לאַפּן געגאַנגען זיין וועג, ווי ניט צו אים וואָלט מען גע־רעדט.

האָט דער עולם געמורמלט:

— אַ בעל־גאווה!

— אַ רחמנות: פאַרליבט אין אַ טויטער...

— פּרי צוגענומען פון דער מאַמקע...

— אַ מרוק!

— אַ מוליאַזש... אַ טאַטנס אַ זון...

— שטילע וואַסער...

און נאָך לאַנגן אַמפערן זיך געקומען צום שלום:

— אַ שטיל וואַסערל! שטילע וואַסערלעך רייסן די ברעגן...

ליזע, הערנדיק אַז מ'רעדט וועגן ליבן, איז אַוועק בלאָנדזשענדיקערהייט צום געזעמל, זיך אַרומגעדרייט צווישן דיביימער און אָנגעשפּיצט די אויערן. ביי די לעצטע ווערטער האָט זי אָבער נישט געקענט מער זיך איינהאַלטן און זיך אומגעריכטערהייט און ברוגזלעך אַריינגעריסן אין די רייד.

— גייט, גייט! — האָט זי זיך הויך אָפּגערופן, שטייענדיק פון דער ווייטנס — גענוג אייך די שמוציקע רייד! ער איז בעסער און קליגער פון אייך אַלעמען!

און איז גלייך אַוועק מיט שנעלע טריט צו זיך אין צימער.

זי האָט געפילט, אַז די קליידער שטיקן איר און בריען. האָט זי פון זיך אַראָפּגעצויגן אַלע בגדים, אַפילו דאָס העמד. בלייבנדיק נאַקעט, איז איר געקומען אין די אויגן ליב. זי האָט זיך דערשראָקן. אַ שווינדער איז איר אַדורך. זי האָט דערזען דאָס געלעגער, וואָס איז געוועז פאַרבעט. האָט זי אַ שאַרף־געטאָן די קאָלדרע און אַרויפגעשפּרונגען אויפן בעט. נאָר אויך דאָ האָט אויף איר געקוקט ליב מיט צעעפנטע, שטאַרע בליקן. האָט זי אַרויפגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ און פעסט צוגעקלאַפּט די אויגן־לעדלעך. נאָר אויך דאָ האָט אַריינגעקוקט ליב. און וואו זי האָט זיך געוואָנדן, איז פאַר אירע אויגן געשטאַנען ליב.

אין די לעצטע טעג איז ליזעס פנים געוואָרן פאַרטונקלט. אַ פאַרטראַכטע, אַ פאַרטראָגענע אין זיך, האָט זי זיך גע־שלייכט אין די אַרומיקע וועלדלעך און פּאַרקן. געלעגן שעהן לאַנג איבער ביכער. און, זיצנדיק איינע אַליין, געזונגען צו זיך נאָגנדיקע, אויסגעצווייגענע געזאַנגען. בייטאָג, שפּעט אין דער נאַכט, ווען אַלע זיינען שוין געגאַנגען שלאָפן, איז לי־זע נאָך געזעסן ביים פענצטער און שטיל אַרויסגעזונגען, סתם אַזוי, אין דרויסן אַרויס, צו די שוואַרצעביימער און פינקלענדיקע שטערן, ניגונים וואָס קנייפּן ביים האַרצן און עסן זיך איין מיט אַ שניידנדיקער בענקשאַפט.

נאַטאַן האָט וועגן דעם זיך דערוואוסט און איז בייטאָג פאַרבייגעגאַנגען איר פענצטער.

— מאַדמואַזעל ליזע! — האָט ער זיסלעך זיך אָפּגערופן — איך בין גרייט צו זיין אייער מינעזינגער, אייער טרוּ־באַדור, אייער קאַמערדינער, אייער...

ליזע האָט אים איבערגעריסן די רייד און געזאָגט:

— אַ ביסל איידעלער, ווען איר זיינט, וואָלט איך גאָר־נישט געשאַדט... איך בין נישט אייער מאַרוכע!...

און פאַרקלאַפּט די פענצטער.

אויפן אַנדערן טאָג האָט דער גאַנצער פענסיאָנאַט וועגן דעם געוואוסט. אַלע האָבן זיך געשושקעט און געאַמפּערט וועגן דער איבערקערעניש, וואָס איז געשען מיטן מיידל, פון וועלכן ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דאָס לאַכן און דאָס שטיפן. מ'האָט זיך געחידושט, וואָס מיטאַמאָל האָט זי אָנגעהויבן אויסמיידן אַלע שכנים, וועלכע זי פלעגט פריער צוציען און אָפּשטויסן ווי קוועקזילבער.

אחוץ פערלען און לייבן האָט ליזע איצטער אַלעמען אויס־געמיטן. מיט לייבן און פערלען האָט זי געזוכט צו פאַר־ברענגען אַ גאַנצן טאָג, צו לייענען צוזאַמען און שמועסן, זינגען און שפּילן. עולם האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט:

— זי שפּילט אַ מאַנאַשקע...

— און מסתמא אויך אַ פאַרס...

ליזע האָט געזען, ווי מ'סודעט זיך, און פאַרשטאַנען, אַז מ'שושקעט זיך עס וועגן איר. עס איז איר אָבער ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען דאָס שושקען זיך. זי האָט אַראָפּגעבראַכט

פון שטאָט אַ קראָקעט און געשפּילט מיט איר נייעם קליי־
נעם קרייז. ביים שפּילן איז איר געוואָרן לייכטער אויפן
הארצן. האָט זי אַ לאַך־געטאָן, איין מאָל און באַלד אַ צווייַ־
טן, פרייער און הילכיקער.

— לעוו! — האָט זי געלאַכט — אבי איך האָב געמיינט,
אַז איר קענט נישט קוקן אויף אַ מיידל...

— איר האָט דאָס קיינמאָל נישט געמיינט, פרייַלן ליזע!

— האָט לעוו פעסט אָפּגעענטפערט.

— נו, לאָמיר זען!

— איר האָט שוין זיכער געזען...

— נו, פרואווט מיר קוקן גלייך אין די אויגן!

פערל האָט זיך אַריינגעמישט:

— צו וואָס, פרייַלן ליזע? לעוו האָט פיינט צו שפּילן
טעאַטער.

— ניין, פערל! — האָט לייב זיך אָפּגערופן — איך האָב
גראָד יאָ ליב!

— נאָר אויף דער בינע...

— און נאָך עפּעס...

— אַז טעאַטער, זאָל עס זיין אמתער טעאַטער און נישט
קיין אַקטיאָרסקע שטיק...

— און אַפילו...

— יאָ, אַפילו אַקטיאָרן, די בעסטע פון זיי, זיינען ניט־
סימפּאַטיש, אַז זיי שפּילן טעאַטער אויך אין לעבן...

לייב האָט מער נישט גערעדט, נישט געפרעגט און גאָר־
ניט צוגעגעבן.

ליזע איז געווען זיכער, אַז אַלץ, וואָס איז דאָ גערעדט
געוואָרן, האָט עפּעס צו טאָן מיט איר, מיט איר געלעכטער.
איז זי אַזוי געזעסן אַ לאַנגע צייט און קיין איין וואָרט נישט
אַרויסגערעדט, אַלץ געהערט און אויף קיין שום זאַך נישט
געענטפערט. פאַר פערלען און לייבן איז דאָס געווען זייער
פיינלעך, וואָס זיי האָבן געערגערט דאָס מיידל מיט די פרי־
ערדיקע אָנצוהערענישן. האָבן זיי פּרובירט אויסצופרעגן,
פאַרטשעפּען, פאַריידן. אַלע פראַגן זיינען אָבער געבליבן
אומבאַענטפערט.

— וואָס איז מיט אייך? — האָבן זיי געפרעגט.
— וואָס זאָל זיין? — האָט דאָס מיידל געזוכט זיך צו באַפרייען — גאָרנישט! כ'וויים אַליין ניט...
— פאַרוואָס־זשע זעט איר אויס אַזוי פאַרדאַגהט?
— פאַרדאַגהט? איך?
— אוודאי, איר!
זי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:
— אָט בין איך פריילעך, אָט לאַך איך...
דאָס געלעכטער איז אָבער געווען רוי, פרעמד, פונקט ווי נישט פון איר וואָלט עס אַרויס.
האָט מען זי נישט געוואָלט מער מאַטערן מיט פראַגן.
— גייט אַ ביסל שפּאַצירן! — האָט פּערל געזאָגט צו לייבן און ליזען — דער טאָג גנבעט זיך באַלד אוועק.
— און איר?
— איך קען נישט! — האָט פּערל געענטפערט — ס'איז בעסער, איך זאָל זיצן אין דער היים.
— טאַקע. — האָט ליזע צוגעגעבן — איר דאַרפט איצטער נישט גיין... ברענגען אייך עפּעס?
און ליזע איז אוועק מיט לייבן. האָט שפּאַצירט אויפן וועג, לענג־אויס באַן־ליניע. די פיס זיינען געזונקען אין די צעהיצטע זאַמדן.
— לעוו! — האָט ליזע שטיל זיך אָפּגערופן — איר פאָרט טאַקע קיין אויסלאַנד?
לייב האָט רואיק און ווייך געענטפערט:
— יאָ, פרייליין ליזע!
— און וואָס וועט איר טאָן אין אויסלאַנד?
— וואָס טו איך דאָ?
לכתחילה האָט דאָס מיידל נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.
— נאָר פון דעסטוועגן — האָט זי אַ ווײַלע שפּעטער זיך אָפּגערופן — דאַרפט איר נישט פאָרן! איז דען פוילן קליין?
— אָבער אויסלאַנד איז פאָרט גרעסער!
— אָבער נישט בעסער!
— פאַרוואָס?
— ווייל... ווייל ס'איז דאָרט ליזע נישטאָ...
— איר לאַכט פון מיר?

— טאָר מען נישט?
— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! אָבער...
— וואָס?
עס איז אָנגעלאָפן מיטן גאַנצן אימפּעט אַ פול־געפּאַק־טער צוג. פּנימער, אומרואיקע, מיט קלעפּיקע אויגן, האָבן שטאַר געקוקט דורך די פענצטער. קנוילן רויך האָבן זיך אָוועקגעקייקלט אַלץ ווייטער און ווייטער. דאָס רוישן פון די רעלסן איז געוואָרן שטילער און שטילער. ביז דער שוואַר־צער פּיר־עק איז פאַרשוואונדן אין טאָל, הינטערן וואַלד.
— אָט אַזאַ צוג — האָט ליזע געזאָגט, אויסציענדיק די ווערטער — פּירט דאָך ווייט־ווייט אַוועק...
— אָבער אַזאַ צוג ברענגט אויך בריוו!
— אַז מ׳שיקט...
— אַז מ׳האָט אַן אינטערעס, שיקט מען.
— נו, און איר, לעוו, ווען האָבן אַן אינטערעס?
— דערווייל פאַר איך נאָך ניט!
— נו, שטעלט זיך פאָר, אַז איר פאָרט יאָ! שטעלט זיך דאָס פאָר...
— איי, ליזע, ליזע!
— וואָס ליזעט איר? ענטפערט בעסער! לעוו, ענטפערט! האַ?
ליבן האָט עס געוואונדערט, וואָס דעם מיידל איז פּלוצ־לינג איינגעפאַלן אַזאַ נאָכפרעגן זיך, פּונקט ווי זי וואָלט עס נייטיק באַדאַרפט וויסן.
— איך קען נאָר ריידן וועגן דעם — האָט ער געזאָגט — וואָס איך האָב געטאָן אָדער טו איצטער...
— שטעלט אייך אָבער פאָר! אַ מאָדנער מענטש איר זיינט...
— פאָרשטעלן? בלויז אין שלאָף שטעל איך מיר פאָר. אויף דער וואָר רייד איך בלויז דאָס, אין וואָס איך בין זיכער.
זיי זיינען אַריין אין וואַלד. וועווערקעס האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן אויף דיביימער, שפּרינגענדיק פון איין צווייג אויפן אַנדערן. ליזע האָט געקוקט אויף די פלינק־שפּרינגענדיקע וועווערקעס, זיך געפרייט און אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז זי

גייט אין וואַלד, וואו אָפּגעזעגטע ביימער־וואָרצלען פּלאָנ־
טערן זיך אַרויס פון דער ערד. האָט זי זיך פאַרטשעפּעט ביי
איינעם פון אַזעלכע וואָרצלען און איז געפאַלן. געפּרוּווט
זיך שטעלן, נאָר ס'איז איר געווען אוממעגלעך. די רעכטע
פוס האָט זיך אַ בייג־געטאָן און דאָס מיידל איז צוריק גע־
פאַלן. לייב האָט געפרוּווט אָנרירן די פוס, אָבער דאָס
מיידל האָט אויפגעהויבן אַזעלכע קולות, אַז ער איז אָפּגע־
שפּרונגען אַ בלייך־דערשראָקענער. אַ ווײַלע האָט ער זיך
געיִשובט וואָס צו טאָן, דערנאָך גענומען דאָס מיידל אויף
אַן אַקסל, דעם קאָפּ אויף דער פּלייצע פאַרוואָרפן און אָנ־
געהויבן לויפן מיט אַלע כוחות.

ווען ס'האָבן פון דער פאַרנאַכטיקער גרויקייט זיך אָנגע־
הויבן אַרויסשאַרן די ערשטע פּענסיאָנאַט־געביידעס, האָט
ליזע זיך אָפּגערופן מיט אַ פּעסטענדיקן, קינדערשן קול:

— לעוו! שעמט איר זיך ניט פאַר מענטשן?

— מיט וואָס זיך שעמען?

— צו טראָגן אויף די הענט אַזאַ מויד, ווי איך בין...

לייב האָט זיך אָפּגעשטעלט, דעם קאָפּ צום מיידל אויפ־
געהויבן און שווער אָפּגעאָטעמט:

— וואָס מאַכט איר, ליזע?

— וואָס זאָל איך מאַכן? געזונט!

— און די פוס?

— וואָס פאַר אַ פוס?

אין דעם אויגנבליק איז זי פון אים אַראָפּגעשפּרונגען און,
אַרויסשיסנדיק מיט אַ געלעכטער, אָנגעהויבן אַרום אים טאַנ־
צן מיט אַ ווילדער שנעלקייט.

לייב האָט זיינע אויגן ניט געוואָלט גלייבן:

— הייסט עס, אַז איר האָט מיך אָפּגענאַרט?!

זי האָט זיך איינגעדרייט פון געלעכטער, אַרויסגעלאָזט
שאַרפע קוויטשן און אַרויסגעזייעט פון צווישן די ציין האַלב־
פאַרשלונגענע ווערטער.

לייב האָט געשפּרייזט אַן אָנגעבראָגזטער. דאָס פּנים ביי
אים איז געוואָרן אַלץ־מער פאַרלאָפן מיט בלוט.

אַריינקומענדיק אין דער ווילע פון פּענסיאָנאַט, האָט ער
זיך צעשיידט מיטן מיידל.

— פּאַרדאָן! — האָט דאָס מיידל געשעפּטשעט, אויס־שטרעקנדיק צו אים די האַנט — אַנטשולדיקט, אויב איר האָט זיך באַליידיקט!...

— מיך האָט איר נישט באַליידיקט! — איז דער בחור געוועזן אָנגעכמורעט, — ז י ך האָט איר...

און, נישט־פאַרענדיקנדיק די פראַזע, פאַרלאָזן דאָס מיידל.

אָוונט איז שוין צוגעפאַלן. די געסט זיינען שוין געווען אויף די וועראַנדעס און אין די צימערן.

לייב האָט אויפן ערשטן שטאָק ארויפגעקוקט און געפילט אַ שטעכן אין די שלייפן. אויפן ערשטן שטאָק איז די יונגע מאַדאַם קרויזע געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי דער פענצטער־ראַם. פון אירע פינגער האָבן בריליאַנטן אַראָפּגעבליצט צו לייבן אין די אויגן.

לייב איז אַרויף. אַריינגייענדיק אין הויז, האָט ער זיך אויסגעדרייט און באַמערקט, ווי ליזע שטייט באַהאַלטן הינטער אַ בייכיקן בוים און קוקט צו אים אין הויז אַריין. עס האָט אים אַ ביס־געטאָן. פון דעסטוועגן איז ער לאַנגזאַם ווייטער אַרויף אויף די טרעפּ, אין דער וואוינונג פון דער יונגער דאַמע.

די שכנטע איז אים אַנטקעגנגעקומען מיט שטילע טענות:

— פאַרגעסן? אין גאַנצן פאַרגעסן! אויסגעזוכט זיך אַנדערע...

— נישט פאַרגעסן! אַט, זעסטו דאָך, אַז איך געדענק דיך...

— אָבער פריער, ווען אַלע ווילן מיך געדענקען? דעמאָלט...

לייב האָט געקוקט דער דאַמע אין די אויגן אַריין און אַרמעטיק פאַרגעסן דעם קאָפּ, באַטראַכט די ערשטע אויפגייענדיקע שטערן און זיך איינגעהערט צום געלעכטער, וואָס האָט געשלאָגן פון דער אונטערשטער וועראַנדע.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט די יונגע דאַמע נאָכגעפאָרשט אין בחורס אויגן.

— אַט! גאָרניט...

— אָבער, זאָג מיר, לעוו, וואָס איז דיר? — איז מאַדאַם קרויזע געוועזן צודרינגלעך און צוגעלייגט אירע ליפּן צו זיין

שטערן — פאַרוואָס ביסטו אַזוי אומעטיק?

ליב האָט מיט ווייטיקלעך־צעקרומטע אויגן אָפּגעמאָסטן די דאַמע.

— לאָז מיך אָפּ!... האָט ער זיך געבעטן — לאָז מיר...

מיט אַן איינפאַכער גלייכגילטיקייט האָט ער אָפּגערוקט אירע צוגעפּרעסטע ליפּן, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל און צוגעפירט צום בעט.

נאָר שטייענדיק ביים געלעגער, איז די דאַמע געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע:

— לאָז, איכ׳ל די טיר פאַרמאַכן!

— ס׳מאַכט ניט.

— זי איז אָפן... אום גאָטעס ווילן! מ׳קען נאָך...

ליב האָט אַ קוק־געטאָן צו דער טיר און אָפּגעהאַקט:

— ס׳איז פאַרמאַכט!

און אונטערן פעסטן, אומגעדולדיקן דרוק פון זיין האַנט איז איר גוף געפאַלן, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים, מיט צעשפּרייטע הענט אויפן געלעגער.

---

אין דער פרי, באַלד נאָכן פרישטיק, איז ליזע צוגעגאַנגען צו ליבן און זיך אָפּגערופן האַלב־שעמעוודיק:

— אפשר האָט איר אַ בוך פאַר מיינעטוועגן?

ליב האָט ווייך אָנגעקוקט דאָס מיידל, וואָס האָט זיך געשעמט פאַר אירע אייגענע ווערטער, זיך לייכט צע־שמייכלט און געענטפערט:

— איר האָט דאָך שוין אַלע מיינע ביכער איבערגע־לייענט! אפילו מ י ך אויך... אַ פליסיקע לייענערן גע־וואָרן! אַ פ ל י ס י ק ע...

דאָס מיידל איז געוועז פאַרזאָרגט:

— טאָ ווי אַזוי פאַרטרייבט מען די צייט?

— די צייט — האָט ליב שוין ברייטער זיך צעשמייכלט

— דאַרף מען נישט טרייבן... זי גייט אַליין...

— און פאַר מיר קריכט זי...

לייב האָט זיך געוואונדערט:

— פון ווען אָן?

— פון אַלעמאָל.

— דאכט זיך, איר האָט קיינמאָל נישט געזען און נישט געפילט די צייט...

ליזע איז געוואָרן צעטומלט און מיטאמאָל רויט געוואָרן, באַלד בלאַס, און געבליבן אָן לשון. דערנאָך האָט זי מיט שוועריקייט זיך אָפּגערופן:

— קומט, לעוו! זיך אַ ביסל שיפן... אויף דער אָזערע... קומט!

לייב האָט זיך איינגעהערט צו די פליסטערנדיקע רייד פונם מיידל, אַ קוק־געטאָן אויף איר צעטומלטקייט און אין האַלדז איז אים געוואָרן אַזוי ענג, אַז ער האָט קוים־קוים אַרויסגעבראַכט דאָס איינציקע וואָרט:

— קומט!

זיי זיינען אַוועק אין יונגן ליפּע־וואַלד. נאָך לאַנגן פּלאָנטערן זיך צווישן געדיכט־אויסגעשפּרייטעביימער און ביימלעך זיינען זיי צוגעקומען צו דער „אָזערע פון דערמאָנונג".

איבער אַלץ איז דאָ געווען אויסגעשפּרייט אַן איינזאַמע פאַרחלומטקייט. אַלץ האָט דאָ געפּלאַפּלט אָן אַ זין. אַ ווינטעלע האָט זיך אויסגעמישט מיט די פּלוידערייען פון די פייגל, זשאַבעס און מיט דעם שושקען פון די זומפּן און ביימער.

זיי זיינען אַריבער אַ לאַנג הילצערן בריקל און זיך אַריינגעזעצט אין אַ שיפל. לייב האָט אַ נעם־געטאָן די וועסלעס אין די הענט און זיי איינגעטונקען אין וואַסער. דער געלער שליאַם, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן ווי אַ צודעק, האָט זיך אָנגעהויבן גליטשן, ברעכן און איז באַלד צעריבן געוואָרן. לייב האָט שטאַרקער געשניטן דעם שליאַם, איז אַוועקגעפאָרן פונם ברעג און האָט פאַרצויגן אַ ניגון. ליזע האָט אויך פאַרצויגן דעם ניגון. געזונגען מיט אומעט און בענקשאַפט. די לאָדקע האָט זיך געוויגט אויפן גלאַטן, אויפגעוועקטן וואַסער און די בענקשאַפטלעכע לידער האָבן זיך אַוועקגעקייקלט אין די געדיכטע ביימער און וויטשקעס, וואָס ביים ברעג פון דער אָזערע.

פלוצלינג האָט ליזע איבערגעריסן דאָס זינגען:

— לייבעלע!

— וואָס?

— די זון גייט אויף!

— טאָ וואָסי?

— וועט שטראַלן...

לייב האָט אָנגעהויבן אויספּייפן דאָס איבערגעריסענע לידל. ליזע האָט זיך איינגעהערט, פאַרטראַכט, דערנאָך אָפּגערופן:

— לייבעלע!

— וואָס?

— ווייסט, אז כ'דערמאָן זיך, האָב איך מורא...

— פאַר וועמען האָסטו מורא?

— פאַר...

— נו, זאָג! פאַר וועמען?

— פאַר דער לעגענדע...

— גאַרעלע! פאַר לעגענדעס זאָל אזא מיידל ווי דו מורא האָבן?

— נישט פאַר די לעגענדעס... פאַר די מענטשן...

— באָבע־מעשיות!

— נישט קיין באָבע־מעשיות! איך זע זיי...

לייב האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן וואַסער, אין וועלכן ס'איז געלעגן א שטראַליק־לאַכנדיקע זון:

— צו וואָס טויג דיר זיך צו דערמאָנען, אז דו קענסט אַט־אָ זען אזא ליכטיקע זון?!

— אָבער... דו קענסט נישט...

— יאָ, ליזעטשקע! איך קען יאָ! אזעלכע זאכן טרעפן אין די טויזנטער...

— אָבער...

— וואָס, „אָבער"?

— דאָס דערמאָנט מיר...

לייב האָט אויסגעקערעוועט דאָס שיפל, זיך פאַרנומען צום ברעג און געזאָגט פאַרטרויליך:

— ביסט א מאָדנע, ליזעטשקע!

— פאַרוואָס?

— האָסט דאַרטן מורא פאַר מעשיות, וואָס דאָס פאָלק דערציילט וועגן געליבטע...

— אָבער... נישט דאָס, לייבעלע! איך... די געליבטע...

זי האָט געוואָלט עפּעס ריידן, נאָר לייב איז איר אריינגעפאַלן אין די ווערטער:

— גיי, נאַרעלע! דאָס איז דאָך ליטעראַטור!

און, אָנעמענדיק זי פאַרן אָרעם, אַרויסגעפירט פונם שיפל און זיך געלאָזן גיין אין פּענסיאָנאַט, אַן איבערגעלאָדענער מיט בלייאיקע מחשבות.

קומענדיק אין דער ווילע, האָט ליזע זיך געאיילט אָפּצוטיילן זיך פון לייבן. איילנדיק צו דער „יוגנט־פּאָליאַנע", האָט איר כסדר זיך אויסגעוויזן, אַז אירע פיס זיינען געפּענטעט. זי האָט זיך געוואַקלט, געגליטשט און שיער נישט געפאַלן.

אויפן פעלד האָט זי זיך אויסגעצויגן. דער קאָפּ איז איר געווען פאַרויכערט מיט שווערע, אומרואיקע בילדער, וואָס האָבן זיך איינס אינם אַנדערן אויסגעמישט. דאָס פעלד האָט זיך געוויגט, געקאָלערט, אַרויפגעפאַלן אויפן הימל און זיך געזעצט אויף די וואָלקנס רייטנדיק.

ליזע איז אַ פאַרמאַטערטע אויפגעשטאַנען פון דר'ערד און דורכגעפלינדערט די ווייטקייט מיט אויג און אויער. צו אירע אויערן האָט זיך דערטראָגן אַ פאַרשטיקטער האַמערדיקער געלעכטער, וואָס־אַ־מאָל נאָענטער און וויניקער פאַרשטיקט. האָט ליזע זיך געלאָזן גיין ווייטער פון די שטימען, זיך פאַרדרייט אין וואַלד און לאַנג זיך געשלייכט צווישן די ביימער, נישט־וויסנדיק פאַרוואָס זי אַנטלויפט פון געלעכטער און פאַרוואָס זי באַהאַלט זיך אויס אין וועלדל.

צו אירע אויערן האָט דערגרייכט דאָס קלינגען פון פּענסיאָנאַט־גלאָק. דאָס האָט מען גערופן די געסט צו מיטאָגעסן. ליזע האָט געהערט דאָס קלינגען. נאָר, אָנשטאָט גיין אין פּענסיאָנאַט, זיך אַוועקגעזעצט אויפן מאָך.

זי האָט צעשפּיליעט די בלוזקע און אַרויסגענומען אַ בילד, לייבס בילד. אירע אויגן זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט רחמנות און זיינען ווי צוגעשמידט געוואָרן צום ברוינעם פּאַפּיר. טרערן זיינען אויפגעגאַנגען פון אונטער די ברעמען.

זי האָט גענומען דאָס רעטושירטע פּאַפּיר צו די ליפּן און עס געדריקט, פעסט געדריקט, ביז עס האָט איר פאַרקלעמטביים האַרצן. נישט קענענדיק איינזיצן, האָט זי דעם קאָפּ צום שטויביקן מאַך צוגעלייגט, דאָס בילד צו די ברוסטן ווילד געפּרעסט און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן, הייסן געוויין.

— ווער איז?

ס'איז געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען עס האָבן לייבן אויפגעוועקט פון האַרטן שלאָף האַסטיקע און שאַרפע קלעפּעלעך אין טיר.

— ווער איז? — האָט לייב געפרעגט אַ דערשראָקענער.

אין דער רגע איז דאָס גאַנצע צימער באַלויכטן געוואָרן פון אַ בליץ, ווי פון פייערווערק, און באַלד האָט אַ צעשפּאָלטענער דונער זיך אָראָפּגעקייקלט פון די בלייאיקע הימלען:

— טראַך־טאַ־ראַ־ראַך!

הינטער דער טיר האָט זיך אָפּגערופן אַ ציטערדיקע שטימע:

— עפן גיכער, לייבעלע!

לייב איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און געעפנט די טיר. אין צימער איז אַריין ליזע און אַ צעשויבערטע און פיבערדיקע צוגעלאָפן צו אַ שטול.

לייב האָט דאָס מיידל אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס. געשטויגט פון דעם אומגעריכטן באַזוך. געוואָלט פרעגן. נאָר איידער דאָס מויל נאָך געעפנט, האָט ליזע אָנגעפאַנגען:

— אַ שרעקלעכע נאַכט... אַ מוראַדיקער וועטער... בלינד און טויב קען מען ווערן... האָב איך געציטערט פאַר שרעק... בין איך צו דיר געקומען צו לויפן... צו דיר...

לייבן איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. האָט געקוקט אויפן צעשראָקענעם מיידל און געוואָרן ווייכער. איז אַפילו צוגע־

גאַנגען און גענומען גלעטן אירע האָר און דעם שטערן.

— האָב נישט קיין מורא, ליזעטשקע! — האָט ער זי פּאַטערלעך געטרייסט און איינגעשטילט — ס׳איז דאָך נאַטור...

— בין איך געקומען... צו דיר...

— טאַ גוט, וואָס דו ביסט געקומען. אָט וועל איך אַ ליכט אָנצינדן און די שאָטנס וועלן פאַרשווינדן. אפילו פאַרן שיין פון אַ ליכט איז אַ בליץ ניט אַזוי שרעקלעך... אפילו פאַרן שטילן קלאַנג פון אַ מענטשלעכן וואָרט איז דער דונער ניט אַזוי שרעקלעך...

— בין איך דערפאַר צו דיר געקומען... צו דיר... נאָר צינד נישט קיין ליכט! רייד נישט קיין וואָרט! זעץ זיך אָט אַזוי, רואיק! איך קען דעם שיין פון דיין ליכט! איך ווייס דעם קלאַנג פון דיין וואָרט! בין איך דערפאַר צו דיר געקומען... צו דיר...

לייב האָט דעם מיידל אַריינגעקוקט פאַרשנדיק אין די אויגן אַריין און מיט אַ געבראָכענעם קול געפרעגט:

— וואָס רעדסטו, ליזע? ביסט קראַנק? רעדסט דאָך פון היץ!

— ניין, לייבעלע! — דאָס מיידל האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן — איך רייד נישט פון היץ... און אפשר יאָ... פאַרשיידענע קרענק זיינען דאָ... איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן... בין איך צו דיר געקומען... צו דיר... לענגער נישט געקאָנט אַליין בלייבן... נישט געקאָנט...

לייב האָט אָנגעצונדן אַ ליכט. לענגלעכע, שרעקעדיקע שאָטנס האָבן גענומען שפּרינגען אויף די ווענט, אָט משונהדיק־אויסגעצויגענע און באַלד איינגעשרומפּענע און צאַנקענדיקע.

— לייג זיך שלאָפן, ליזע! ביסט קראַנק.

דאָס מיידל האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, גענומען זיך וואַקלען צום געלעגער און געבעטן:

— פאַרמאַך, לייבעלע, די לאָדנס!

— פאַרוואָס, ליזעטשקע?

— אַז זיי זאָלן נישט האָבן וועגן וואָס צו ריידן, די ברודיקע אידיאָטן!...

— וואָס מיינסטו? ביסט קראַנק, ליזעטשקע!

ליב האָט מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק געקוקט אויפן מיידל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב מיט אַ צעעפנטן מויל, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס ריידן, נאָר נישט געוואוסט וואָס. האָט זי אַ ווײַלע געוואַרט, געמיינט, אַז דער בחור וועט נאָך עפּעס זאָגן און איר פאַנאַנדערבינדן די צונג. נאָר, אַז ליב האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק, איז זי שטיל און קריכנדיק צום בעט צוגעגאַנגען, ווי נאָך אַ לוויה...

ליגנדיק אויפן געלעגער, האָט זי גענומען די צייכענונגען פון בלאָק, וואָס איז געלעגן אויף אַ דערבײַיאיקן טישעלע, און אָנגעהויבן בלעטערן בלאַט נאָך בלאַט, צייכענונג נאָך צייכענונג. פון פּאַפּיר האָבן אַרויסגערעדט קויל־ליניעס, דערציילט וועגן לעבן אין פּענסיאָנאַט, געוויזן די וועלדלעך און פּאַרקן, שפּילערייען און לאַכנדיקע קאָמפּאַניעס. ליזע האָט געבלעטערט די קויל־צייכענונגען מיט גלײַכגילטיקייט, ווי דאָס בלעטערן וואָלט איר גאָרנישט געלעגן אין זינען, נאָר עס האָט זיך אַליין געבלעטערט.

ליב האָט זיך אוועקגעזעצט ביים שײַן פון ליכט, אַראָפּגעלאָזן די גאָמבע אויף דער ברוסט און זיך פאַרטיפט אין טראַכטן. אין זײַן האַרץ האָבן זיך איצטער געמישט פאַרשיידענע געפילן. ער האָט זיך פיינט געקראָגן און ליב געקראָגן. ער האָט איצטער אַלעמען פאַראַכטעט און אויף אַלעמען געקראָגן מיטלייד. ס'איז פאַר אים איצט קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז איינער פון אַ סך פאַלן, וואָס וועלן מיט אים טרעפן אין לעבן, אַז אַלע זײַנע באַגערן און חלומות ווערן צערונען. אַז דאָס, וואָס איז נעכטן געווען מיאוס, זעט היינט אויס צו זײַן שיין און לאַכנדיק, קניט פאַר די טריט און פענטעט די פיס... און עס קומט פּלוצלינג אַ געשריי, אַ קוויטש, וואָס בעט, מ'זאָל מוחל־זײַן, אַלץ מוחל־זײַן, אַלץ...

ליב איז אויפגעשפּרונגען פונם אָרט. ער איז צוגעלאָפן צום בעט. דער שנײַדיקער קוויטש האָט אים פאַרטויבט די אויערן און צעמישט. האָט אַ קוק־געטאָן אויף די אָפענע סקיצן און געבליבן אַ פאַרבליפטער.

ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען.

א ווײַלע האָט אים ליזע אָנגעקוקט מיט מטושטשע בליקן. דערנאָך זיך געפרעגט מיט א פארשטיקטן קול, וואָס האָט מיט געוואַלד זיך אַרויסגעריסן פון צווישן שליוכצן:

— פון וואַנען האָסטו דאָס? פון וואַנען?

ליב האָט געשוויגן.

— פון וואַנען האָסטו דאָס? — האָט דאָס מיידל איבערגעפרעגט מיט דער זעלביקער פאַרצאַנגטער שטים — פון וואַנען?

— איך האָב... איך בין... נו, ווייסט... א צייכנער... זאָל איך אַלעריי... צייכן איך מאָמענטן פונם לעבן...

ער האָט מיט מילדער שטייפקייט אַרויסגענומען דעם בלאַק פון אירע הענט.

— ליב! — האָט ליזע געפאָדערט מיט איינגעהאַלטענער שרעק — ליב! צעריים י ע נ ע בלעטלעך אויף פיצלעך!

ליב האָט פאַרהויבן די אַקסלען און געפרעגט:

— פאַרוואָס? פאַרוואָס, ליזעטשקע?

דאָס מיידל איז אַריבער אין אומגעדולד:

— ליב! — האָט זי געוואָרנט — פאַרברען, זאָג איך דיר, י ע נ ע בלעטלעך, י ע נ ע צייכענונגען! זאָל דאָס ניט בלייבן! כ׳וויל ניט!

זי האָט דעם טאָן געבראָכן און אַריבער אין געבעט:

— זאָל נישט בלייבן קיין אָנדענק פון י ע נ ע טעג, פון י ע נ ע פאַרשאָלטענע מינוטן... כ׳בעט דיך... צעריים אויף פיץ-פּיצלעך! פאַרברען י ע נ ע בלעטלעך! און דעם אַש טראָג אַוועק אויפן בית-עולם... געשטאָרבן...

און באַלד איז זי אַריבער אין וויינענדיקע תחנונימדיקע רייד:

— גיב, ליבעלע טייערינקער! גיב, איכ׳ל דאָס פאַרברענען... גיב, ליבעלע!

זי איז האַרט נעבן אים געשטאַנען אין איין העמד. אירע ברוסטן האָבן האַסטיק געציטערט און איינגעפאַלן.

— ליזעטשקע... — האָט ליב געשעפּטשעט מיט א פאַרטרערטן קול — ליזעטשקע... וואָס מאַכט עס אויס, אז י ע נ ע בלעטלעך זיינען יאָ דאָ? ס׳מאַכט נישט... זאָל עס

בלייבן... איך שווער דיר, אַז קיינער וועט נישט וויסן, ווער דאָס איז... איך שווער דיר...

— ניין, לייבעלע! איך גלייב דיין שבועה, אָבער...

— זאָל עס בלייבן...

— ניין, פאַרברען, לייבעלע, פאַרברען!

זי איז אים אויפן האַלדז געפאַלן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ טיפן שלוכצן.

— ליזעטשקע! — האָט לייב געפליסטערט — נו, שאַ! נו... שאַ־אַ... ס'מאַכט נישט... זאָל בלייבן אַן אָנדענק!

און נאָך אַ מינוט שוויַיגן צוגעגעבן:

— עס מוז בלייבן אַן אָנדענק! זאָל בלייבן...

ליזע איז געבליבן אָן ווערטער. זי האָט זיך געשפּירט שוואַך, קליין, אָן אייגענעם ווילן, אָן אייגענער איבערציי־גונג. זי האָט געוואָלט פאַלן צו די פיס, אַראָפּוואַרפן די גאַנ־צע שווערקייט פונם האַרצן. עס האָט איר קליין־געמאַכט און נידערגעשלאָגן, וואָס איר שפּראַך איז מיטאַמאָל געוואָ־רן פאַרנעפּלט און אומקלאָר, אַז זי זאָל נישט קענען זאָגן, וואָס זי וויל זאָגן, און מ'זאָל איר נישט קענען פאַרשטיין...

זי האָט זיך געיאָגט נאָך אַ געדאַנק, אָבער דער געדאַנק איז נישט אונטערגעקומען. איז זי געוואָרן אויף זיך אַליין אין כעס, האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן אויפן בעט און איינגע־גראָבן דעם קאָפּ אין די קישנס. אַצינד האָט איר זיך אויס־געוויזן, אַז זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטייג, פון וועלכער ס'איז איינע אַליין נישט מעגלעך זיך צו באַפרייען...

לייב האָט זיך אַראָפּגערוקט אויף דער שטול און שווער אָפּגעאָטעמט. ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ בוך, אָבער זיי־נע געדאַנקען, צעקאַליעטשעטע און צעפּיצלטע, האָבן זיך געראַנגלט אינם מוח און קיין איינער פון זיי האָט נישט גע־קענט לענגער אָנהאַלטן ווי אַן אַרבעסל פון אַ האָגל אין זו־מער־צייט.

גאַנץ פרי, נאָך דער שטורעמדיקער נאַכט, האָט ליזע זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אין דעם אַנדערן בעט אַריינגע־קוקט.

ליב איז נישט געווען.

זי האָט צעעפנט די לאַדנס.

ליב איז נישט געווען.

זי האָט געזוכט אין ווילע, אין פּאַרק, אין וואַלד.

ליב איז נישט געווען.

